Kobrin, Leon.
Riversayd Drayv: drame
in dray aktn.
Nyu-York, [1942]

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1881.2

**Kobrin, Leon, 1872-1946.**
Riversayd Drayv : drame in dray aktn.
Nyu-York : Aroysgegebn durkh der Shrayber-sektsye baym Ikuf, [1942]
77 p. ; 22 cm. Folks-bibliotek ; 2

I. United States-New York-New York II. Folks-bibliotek

ID: NXYH01-B20613 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: 106186

Reduction ratio X 10.0

לעאָן קאָברין

# ריווערסייד דרייוו

## דראַמע אין דריי אַקטן






2

פאָלקס-ביבליאָטעק

אַרויסגעגעבן דורך דער

שרייבער-סעקציע ביים איקוף

לעאן קאברין

# ריווערסייד דרייוו

## דראמע אין דריי אקטן




2

פאלקס־ביבליאטעק

ארויסגעגעבן דורך דער

שרייבער־סעקציע ביים איקוף

ניו־יארק

די דאָזיקע דראַמע איז געדרוקט געוואָרן אין דעם זשורנאַל „די צוקונפט" אין 1928. אין 1931 געשפּילט געוואָרן אין ידישן קונסט־טעאַטער מיט מאָריס שוואַרץ, חנה אַפּעל, סניעגאָוו און סטעלאַ אַדלער, יוסף בולאָוו, לאַזאַר פריד און וואָלף גאָלדפאַדען אין די הויפּטראָלן.

---

אָן דער דערלויבניש פונם פאַרפאַסער טאָר קיינער ניט די פּיעסע אויפפירן.

LEON KOBRIN

# RIVERSIDE DRIVE

***(Drama in Three Acts)***

**Printed in U. S. A.**

**New York, 1942**

PILLSDORF PRINTING CO. 214 417 LAFAYETTE ST., N. Y.

## פּערזאָנען:

שלמה יאַפּע
רבקה, זיין ווייב
הערמאַן זשאַפּע, זייער זון
מאַדאַם זשאַפּע
אדעל, 18 יאָר, זייער טאָכטער
מאָרטימער, 12 יאָר, זייער יינגל
טעדי, 5 יאָר, זייער מוזיניקל
ראַבאַי שלעזינגער, מאַדאַם זשאַפּעס פאָטער
מאַדאַם שלעזינגער, זיין ווייב
עמאַ, א קינדער־מיידל ביי די זשאַפּעס.
פרענציס, א דינסט ביי די זשאַפּעס
איזי, א וועכטער ביי זשאַפּען אין פאַבריק
ליאָ, אדעלס א באַקאַנטער יונגערמאַן, אַן אַמעריקאַנער ביזנעסמאַן.
דייוו, אויך א באַקאַנטער פון אדעל, אַן אַמעריקאַנער דיכטער.
אַ נעגער.

(עס האַנדלט זיך אין ניו־יאָרק ביי די זשאַפּעס אינם הויז אויף ריווערסייד דרייוו. פון דעם ערשטן אַקט ביזן דריטן פאַרלויפן דריי וואָכן.)

# ערשטער אקט

ביי הערמאן זשאפען אין הויז, אויף ריווערסייד דרייוו. ד
בינג שטעלט פאר איין גרויס צימער לינקס, רייך מעבלירט.
מיט א פיאנא אין הינטערגרונט. א גאלערי אויף דער לינקער
האנט פירט ארויף צו די אויבערשטע צימערן. טירן רעכטס
און לינקס און איין טיר אין צענטער. רעכטס א צימער,
אפגעטיילט פון דעם גרויסן צימער מיט פארטיערן. דאס
צימער ווערט צוגעגרייט פאר די גרינגע, וואס מען דערוואַרט
פון איירא פע. צוויי בעטן שטייען דארט און נאך א פאר
שטיקלעך מעבל. א דינסט לייגט אויס איין סיגער־פעל אויפן
דיל לעבן איין בעט און אן אנדער פעל לעבן דאס צווייטע
בעט. מאדאם זשאפע, עטלעכע און דרייסיק יאר, א שלאנקע,
עלעגאנטע דאמע, ווייזט דער דינסט וואס צו טאן.

צייט — א נאכמיטיק אין חודש מאי.



(דורך דער צענטער־טיר קומט אריין רבי שלעזינגער, א מאן מיט א ווייסן קאפ און יונגן, ריין־ראזירטן פנים, אנגעטאן אין שווארצן, מיט א שווארצן שטייענדיקן קראגן.)

ר ב י ש ל ע ז י נ ג ע ר : העללאו, גערטרוד!

מ א ד. ז ש א פ ע : אה, פאפא, העללאו! (די דינסט פארנויגט זיך פאר רבי שלעזינגער מיט גרויס דרך ארץ.)

ר ב י ש ל ע ז. : (פריינטלעך צו דער דינסט) האו איז פרענציס?

ד י נ ס ט : דהענק יו, דאקטאר, זייער גוט.

ר ב י ש ל ע ז. : פיין! גערטרוד, עפעס נייעס?

מ א ד. ז ש א פ ע : הערמאנס עלטערן קומען באלד.

ר ב י ש ל ע ז. : ווען?

מ א ד. ז ש א פ ע : באלד. הערמאן איז געפארן נאך זיי. דאס גרייט איך א צימער פאר זיי.

ר ב י ש ל ע ז. : דיין מאן איז דאך געוויס צופרידן, וואס זיינע עלטערן קומען. אזוי פיל יארן זיי נישט געזען.

מ א ד. ז ש א פ ע : געוויס איז ער צופרידן.

ר ב י ש ל ע ז. : און דו, גערטרוד?

מ א ד. ז ש א פ ע : איך אויך, פאפא. זיי זענען דאך אונזערע עלטערן. א שאד נאר, וואס זיי זענען ניט געקומען פריער מיט א פאר טעג, אדער מיט א פאר טעג שפעטער.

ר ב י ש ל ע ז. : וואס מיינסטו?

מ א ד. ז ש א פ ע : היינט עפנט זיך דאך די קאנפערענץ פון די טשאריטי ארגאניזעישאנס . . .

ר ב י ש ל ע ז. : אה, יעס. איך בין איינער פון די רעדנער ביי דער דערעפענונג . . .

מ א ד. ז ש א פ ע : ווען איך צוליב זייער הייניטיקן קומען ניט קענען אנטייל נעמען אין דער דערעפענונג פון דער קאנפערענץ, און דאס וועט זיין דאס ערשטע מאל פאר די לעצטע פינף יאר. א שאד. (צו דער דינסט) איך רעכן, פרענציס, אז דאס צימער איז פארטיק. איר קאנט גיין. ווארט, פרענציס, ברענגט אריין א פאר ווארעמע דעקעס. אלטע לייט קומען פונם שיף . . .

ד י נ ס ט: יעס, מעם. (אָפּ.)

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: פּאַפּאַ, דו דענקסט, אַז זיי וועלן זיך פילן ביי אונז באַקוועם? (גייען אַריין אין גרויסן צימער.)

ר ב י ש ל ע ז.: דו מיינסט די אַלטע זשאַפּעס? איר דאַרפט זען, אַז זיי זאָלן זיך פילן ביי אייך באַקוועם. דאָס איז אייער הייליקער חוב. (רעדט אַרויס אויפן יאַהודישן שטייגער) כבד את אָביך ואת אמך — מיין קינד. האָנאָר דהאַי פאַדהער ענד דהאַי מאַדהער, עז דהי לאָרד, דהאַי גאָד, העטה קאָמאַנדעד דהי...

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: אונזער הייליקן חוב צו זיי וועלן מיר זיכער דערפילן. און, וויפיל איך ווייס וועגן זיי פון הערמאַנען, זענען זיי ליבע מענטשן אויך. אומגליקלעכע, דער פּאָגראָם אין רוסלאַנד האָט זיי רואינירט. ווען נישט דאָס, וואָלטן זיי קיין אַמעריקע נישט געקומען.

ר ב י ש ל ע ז.: יאָ, איך ווייס. דיין מאַן האָט מיר דערציילט. וויפיל דער רוסישער ייד האָט די לעצטע צייט געליטן. געשטיקט זיי אין דער צייט פון מלחמה, דערנאָך די פּאָגראָמען. דער רוסישער ייד איז אַ הייליקער מאַרטירער. דערפאַר, מיין קינד, דאַרפסטו זיין באַזונדערס גוט צו די גרינע און געדולדיק...

מ אַ ד. ז ש א פּ ע: געדולדיק?...

ר ב י ש ל ע ז.: יאָ, גערטרוד, געדולדיק. מחמת געדולד וועסטו מוזן האָבן פאַר זיי. מענטשן וואָס זענען אַנדערש דערצויגן ווי דו...

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: דאָס שרעקט מיך נישט, פּאַפּאַ. געדולד האָב איך גענוג, ווען איך דאַרף. בפרט צו מענטשן, וואָס זענען מיר ליב. נאָך איידער זיי זענען געקומען, האָב איך זיי ליב. הערמאַנס פאָטער געהערט צו די פיינע טיפּן פון די רוסישע יידן...

ר ב י ש ל ע ז.: יאָ, אַזאַ פאַרשטעלונג וועגן אים האָב איך אויך פון דעם, וואָס דיין מאַן האָט מיר דערציילט וועגן אים.

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: אַן אידעלער מענטש און אַ שטאָלצער. פאַר מיר איז גענוג וואָס ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט, אַז הערמאַן זאָל אים שיקן געלט פון דאַנען. „אויב דיר האָט גאָט געהאָלפן, מיין זון, צוטייל דאָס געלט, וואָס דו ווילסט מיר שיקן, צווישן אָרעמע לייט; דיין פאָטער איז נישט קיין אָרעמאַן“ — האָט ער געשריבן הערמאַנען. איז דאָס נישט אַ פיינער שטריך, פּאַפּאַ?

ר ב י ש ל ע ז.: (מיט אַ שמייכל) אַפּזאָגן זיך פון דעם אַמעריקאַנער דאָלער — דער פיינסטער שטריך. זענען די קינדער צופרידן, וואָס אַ נייער גרענדפּאַ און אַ נייע גרענדמאַ קומען פון איירּאָפּע?



מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: אַלץ הייסט צופרידן? אַדעל און מאָרטימער האָבן נישט געוואָלט גיין היינט אין סקול צוליב דעם קומען פון זייערע נייע גרענדפּאַ און גרענדמאַ. אַדעל האָט שוין אויסגעאַרבעט אַ גאַנצע פּראָגראַם לכבוד זיי. ערשטנס, אַ „פּאַרטי“. צווייטנס, פאָרט זי מיט זיי אין היפּאָדראָם, דערנאָך אין דער אָפּערע. און מאָרטימער זאָגט, אַז ער וועט עס טאָן...

ר ב י ש ל ע ז.: און וואָס זאָגט טעדי?

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: טעדי פרייט זיך. האָט געפונען גרענדפּאָס בילד אינם אַלבאָם, לויפט ער מיט דעם אַרום און ווייזט עס יעדן איינעם מיט שמחה. (טעדי, אַ פינף יאָריק יינגעלע, מיט אַ בילד אין די הענט, קומט אַרונטער פון די טרעפּ און לויפט־צו צו רבי שלעזינגערן מיט שמחה.)

ר ב י ש ל ע ז.: העלאָו, יונגערמאַן!

ט ע ד י: (פריילעך) העללאָו, גרענדפּאַ! (דריקט זיך צו צו רבי שלעזינגערס קני און קוקט אַרויף צו אים מיט פריילעכע אויגן.)

ר ב י ש ל ע ז.: וואָס מאַכסטו, יונגערמאַן? וואָס פאַר אַ בילד האָסטו?

ט ע ד י: דאָס איז מיין נייער גרענדפּאַ. ער קומט היינט מיט אַ נייער גרענדמאַ!

ר ב י ש ל ע ז.: ביזטו צופרידן?

ט ע ד י: שור.

ר ב י ש ל ע ז.: האָסטו ליב דיין נייעם גרענדפּאַ?

ט ע ד י: שור.

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: און די נייע גרענדמאַ אויך?

ט ע ד י: שור. די נייע גרענדמאַ אויך.

ר ב י ש ל ע ז.: לאָז זען דאָס בילד, טעדי. (נעמט דאָס בילד פון טעדיס הענט און קוקט אויף דעם) אַן אינטערעסאַנט פּנים. זעט אויס ווי אַן אָרטאָדאָקסישער ראַבאַי. נאָך גאָרנישט קיין אַלטער מאַן. אַ שוואַרצע באָרד, קלוגע און יונגע אויגן, אַ יונגער, אינטעלעקטועלער שטערן אַן איין קנייטש... ווי לאַנג האָט איר דאָס בילד?

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: אַ יאָר פופצן. נישט אמת, פּאַפּאַ, ער מאַכט אַן איינדרוק פון אַ פיינער, זויבערער פּערזאָן?...

ר ב י ש ל ע ז.: יאָ, גאַנץ באַשטימט (גיט צוריק טעדין דאָס בילד) און איצט, טעדי, הער אויס, יונגערמאַן, וואָס וועסטו זיי זאָגן, ווען דיינע נייע גרענדפּאַ און גרענדמאַ וועלן קומען?

ט ע ד י: איך וועל זאָגן: גרענדפּאַ, טעל מי עי נייס סטאָרי!...

ר ב י ש ל ע ז.: ניין, נישט דאָס זאָלסטו זיי זאָגן. וואָרים זיי

וועלן נישט פארשטיין, אז דו וועסט עס זיי זאגן. דו זאג זיי עפעס, וואס זיי וועלן יא פארשטיין. דו זאג זיי: שלום־עליכם, גראס־פאטער, שלום־עליכם, גראס־מוטער. קענסטו עס זאגן?

ט ע ד י: שור, גרענד־פא.

ר ב י ש ל ע ז.: זאג, איך וויל הערן.

ט ע ד י: שלום־עלוקעם . . . ווהאט עלס? . . .

מ א ד. ז ש א פ ע: (כאפט אונטער) שלום־עליקעם, גראס־פאדהער.

ט ע ד י: שלום־עליקעם, גראס־פאדהער . . .

מ א ד. ז ש א פ ע: שלום־עליקעם, גראס־מאדהער . . .

ט ע ד י: יעס . . .

ר ב י ש ל ע ז.: וואס יעס, טעדי?

ט ע ד י: יעס, שלום־עליקעם . . .

מ א ד. זש א פ ע: שלום־עליקעם. ווייטער . . .

ט ע ד י: גראס־פאדהער, גראס־מאדהער, שלום־עליקעם, שלום־עליקעם, שלום־עליקעם! . . . (טאנצט אונטער אויף די פיס.)

ר ב י ש ל ע ז.: דהאט׳ס דהי באי!

ט ע ד י (מיט קינדערשער התפעלות טורקענדיק מיט א פינגער אינם בילד וואס ער האלט אין דער האנט) שלום־עליקעם, שלום־עליקעם, שלום־עליקעם, גראס־מאדהער! (רבי שלעזינגער און מאדאם זשאפע לאכן. די דינסט קומט אריין מיט צווי דעקעס, לייגט זיי אויף די בעטן אין צווייטן צימער און אפ.)

ר ב י ש ל ע ז.: קום אהער, יונגערמאן. וואס בין איך, א גראס־פאדהער אדער א גראס־מאדהער?

ט ע ד י: א גראסמאדהער, גרענדפא!

ר ב י ש ל ע ז.: געטראפן! (ער און מאד. זשאפע לאכן ווידער.) איז וואס וועסטו זאגן צו דער גראס־מאדהער?

ט ע ד י: (אומגעדולדיק) איך וויס, וואס צו זאגן.

ר ב י ש ל ע ז.: דו האסט פארגעסן.

ט ע ד י: נייך, איך געדענק. שלום־עליקעם, גראס־מאדהער! שלום־עליקעם, גראס־פאדהער! זעסטו?

ר ב י ש ל ע ז.: בראווא, דו געדענקסט!

ט ע ד י: גרענד־פא, טעל מי עי נייס סטארי . . . (לייגט אוועק דאס בילד אויף א שטול. מאד. זשאפע נעמט צו דאס בילד און באהאלט עס אין דעם שיפלאד פונם טישל, וואס שטייט דארט.)

ר ב י ש ל ע ז.: א מעשה זאל איך דיר דערציילן? גערעכט.



שוין לאנג דיר נישט דערציילט קיין מעשה. גוט, איך וועל דיר דערציילן; אבער פריער, טעדי, זינג פאר מיר דאס לידל, וואס איך האב דיר לעצטן מאל אויסגעלערנט. איך וויל זען צי דו געדענקסט.

ט ע ד י: אל־ראיט, גרענד־פא. (זינגט אן ענגליש, קינדערש לידל, רבי שלעזינגער און מאד. זשאפע אפלאדירן אים.)

ט ע ד י: נאו טעל מיר דהי סטארי . . .

ר ב י ש ל ע ז.: (זעצט זיך און נעמט אים צו זיך אויפן שויס) גוט, טעדי, איך וועל דיר דערציילן. וואס? יא, וועגן פייגעלע גרענד־פא און וועגן פייגעלע גרענד־מא. הער, טעדי: ערגעץ ווייט, ווייט, אין א טיפן טאל, איז געשטאנען אן אלטער בוים. און אויף יענעם אלטן בוים איז געווען אן אלטער נעסט. און אין יענעם אלטן נעסט האבן געוואוינט פייגעלע גרענד־פא און פייגעלע גרענד־מא. און פייגעלע גרענד־פא און פייגעלע גרענד־מא האבן געהאט פייגעלע זון. און זיי האבן ליב געהאט פייגעלע זון און ווען עס איז קליין געווען, האבן זיי מיט זייערע שנעבעלעך געשפייזט און געלערנט עס צו פליען, ווי א פייגעלע, און צו טשירקען ווי א פייגעלע. איז פייגעלע זון דערנאך אויסגעוואקסן א גרויסער, א גרויסער, און איז ארומגעפלויגן אליין אן דער הילף פון פייגעלע גרענד־פא און פייגעלע גרענד־מא. און איינמאל האט פייגעלע זון באמערקט, וואס פאר א שיינע, פייערדיקע זון האט זיך באהאלטן הינטערן בארג. אין דעם טיפן טאל, וואו עס איז געבוירן געווארן, האט עס אזא זון קיינמאל נישט געזען. איז פייגעלע זון דערנאך געקומען צו פייגעלע גרענד־פא און פייגעלע גרענד־מא און צו זיי אזוי געזאגט: לאזט מיך פליען אויפזוכן די שיינע זון, וואס זי האט זיך באהאלטן דארט הינטערן בארג. דארט איז ווארעם און ליכטיק, נישט אזוי ווי ביי אונז אין דעם טיפן, פינצטערן טאל. איך וועל פאר זיך א נעסט דארט בויען." האבן פייגעלע גרענד־פא און פייגעלע גרענד־מא גענומען וויינען: „פייגעלע זון, פייגעלע זון, ווי אזוי וועסטו אונז פארלאזן? מיר וועלן בענקען נאך דיר; מיר וועלן נישט קאנען לעבן אן דיר, ווייל מיר האבן דיך אזוי ליב." אבער פייגעלע זון איז אוועקגעפלויגן פון זיי, צו זוכן די שיינע, פייערדיקע זון, וואס האט זיך באהאלטן הינטערן בארג; איז געפלויגן, געפלויגן ווייט, ווייט, איבער בערג און טאלן, איבער וועלדער און גרויסע וואסערן. און פייגעלע גרענד־פא און פייגעלע גרענד־מא זענען געבליבן אין זייער אלטן נעסט, אויפן אלטן בוים, און זיי האבן טאג און נאכט אלץ געטראכט וועגן זייער פייגעלע זון, וואס איז אוועקגעפלויגן אזוי ווייט, אזוי ווייט פון זיי. און זיי האבן עס געוואלט זען, ווייל זיי האבן שטארק געבענקט נאך זייער פייגעלע זון. אבער פליען צו אים האבן זיי מורא געהאט. צו ווייט. און זיי זענען צו

אלט געווען. האבן זיי שטענדיק גערעדט וועגן אים און געוויינט: „פייגעלע זון, וואו ביזטו? דו ביזט אוועקגעפלויגן פון אונז; מיר ווילן דיך זען, און דו ביזט אזוי ווייט פון אונז!“ נישט אמת, טעדי, א רחמנות אויף פייגעלע גרענד־פא און פייגעלע גרענד־מא?

ט ע ד י: שור!

ר ב י ש ל ע ז.: איז א ווילדער שטורעם איינמאל אנגעפלויגן אויף יענעם טיפן טאל און האט צובראכן דעם אלטן בוים און צושטערט דעם אלטן נעסט פון די פייגעלעך גרענד־פא און גרענד־מא, און זיי האבן נישט געהאט מער קיין נעסט, וואו צו וואוינען און וואו צו רוען; האבן דעמאלט די פייגעלעך גרענד־פא און גרענד־מא צונויפגענומען זייערע לעצטע כוחות און האבן זיך אוועקגעלאזט איבער דעם ווייטן, ווייטן וועג, איבער די ווייטע בערג און טאלן, איבער די ווייטע וועלדער און גרויסע וואסערן, ביז זיי זענען געקומען צופליען צו זייער פייגעלע זון, וועלכער האט זיך שוין געהאט אויסגעבויט א שיינעם נעסט און געהאט א פייגעלע־ווייב און פייגעלעך־קינדער. און ארויסגעפלויגן מיט פרייד קעגן די פייגעלעך גרענד־פא און גרענד־מא זענען פייגעלע זון און פייגעלע־ווייב מיט זייערע פייגעלעך־קינדער, און די פייגעלעך־קינדער זענען אלע געווען גוטע און קלוגע, און זיי האבן אלע געזאגט צו זייער גרענד־פא און גרענד־מא: אנו, טעדי, טרעף, וואס?...

ט ע ד י: (ציט מיט די אקסלען) איך ווייס נישט . . . וואס האבן זיי געזאגט?

ר ב י ש ל ע ז.: שלום־עליקעם־גראס־פאדהער! שלום־עליקעם, גראס־מאדהער!

ט ע ד י: (פאטשט אין די הענט) שלום־עליקעם. יעס! איך וועל אויך זאגן מיין נייעם גרענד־פא און מיין נייער גרענד־מא שלום־עליקעם!

ר ב י ש ל ע ז.: און דו וועסט זיי ליב האבן?

ט ע ד י: שור!

ר ב י ש ל ע ז.: אט אזוי ווי די גוטע, קלוגע פייגעלעך זייער גרענד־פא און גרענד־מא?

ט ע ד י: שור!

ר ב י ש ל ע ז.: וועל איך דיך ליב האבן. (צו מאד. זשאפע) אויף קינדער זאל מען נאר פרואוון ווירקן מיט מעשהלעך.

(עממא, דאס קינדער־מיידל, קומט אריין.)

ע מ מ א: (מיט גרויס דרך ארץ) עי גוד עפטערנון, דאקטאר.

ר ב י ש ל ע ז.: עי גוד עפטערנון. וואס מאכט עממא?

ע מ מ א: א דאנק, דאקטאר.



ר ב י ש ל ע ז.: און וואס מאכט דער יונגערמאן?

ע מ מ א: איר מיינט מר. פרידלאנד?

ר ב י ש ל ע ז.: נו, געוויס. איך מיין אייער יונגען מאן. ווען לאדט איר מיך צו אייער חופה?

ע מ מ א: איך ווייס נישט. איך האב געוואלט וועגן דעם אייער עצה. לעצטן מאל, ווען איך בין געווען אין אייער טעמפל, האב איך געוואלט צוגיין צו אייך, כדי צו פרעגן . . .

ר ב י ש ל ע ז.: פארוואס זייט איר נישט צוגעגאנגען?

ע מ מ א: איך ווייס נישט. איך האב קיין מוט נישט געהאט.

ר ב י ש ל ע ז.: דאס איז נישט ריכטיק, עממא. איר האט געדארפט צוגיין צו מיר. ווען איר דענקט, אז איך קען אייך געבן א ריכטיקע עצה, גייט מען צו און מען פרעגט. נישט ריכטיק, מיין קינד, נישט ריכטיק. וועגן וואס האט איר געוואלט פרעגן?

ע מ מ א: איך וועל זיין זונטיק אין טעמפל, וועל איך דאן . . .

ר ב י ש ל ע ז.: קומענדיקן זונטיק וועט אין טעמפל זיין מיין געהילף . . . איך פאר מארגן קיין אטלאנטיק סיטי אויף א פאר וואכן . . .

ע מ מ א: וועל איךווארטן ביז איר וועט קומען צוריק.

ר ב י ש ל ע ז.: (אויפהויבנדיק זיך פון ארט) צו וואס ווארטן און טראגן עס אינם הארצן און אינם קאפ. קומט נאר מיט מיר ארויס. אפשר איז עס פאר אייך א וויכטיקע פראגע? . . .

ע מ מ א: אבער איצט איז די צייט, ווען איך נעם טעדין אויף שפאציר.

ר ב י ש ל ע ז.: נישט געפערלעך. וועט איר אים נעמען אויף שפאציר עטלעכע מינוט שפעטער. קומט! (אפ מיט עממאן.)

מ א ד. ז ש א פ ע: טעדי, איז וואס וועסטו זאגן דיין נייעם גרענד־פא און גרענד־מא?

ט ע ד י: שלום־עליקעם, גראס־מאדהער!

מ א ד. ז ש א פ ע: ענד גראס־פאדהער.

(אדעל, 18 יאר, פריילעך, מיט א בוקעט בלומען, און מארטימער, 12 יאר אלט, לויפן אריין פארסאפעט דורך דער צענטער־טיר.)

א ד ע ל: נאך נישטא?

מ א ד. ז ש א פ ע: ניין. פאר וועמען זענען די בלומען?

א ד ע ל: פאר די נייע גרענד־פא און גרענד־מא (טראגט אריין דעם בוקעט בלומען אינס צימער רעכטס און שטעלט אים אוועק אויף דעם קליינעם טישל וואס שטייט דארט.)

מ א ר ט י מ ע ר: מא, איך האב געוואלט קויפן בלומען, האט אדעל

ביי מיר אויסגעכאַפּט. אַי דאָנט לאַיק האַר פלאַוערס. איך וועל גיין קויפן אַנדערע. אַמעריקען ביוטיס . . .

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: דו וועסט קויפן מאָרגן.

מ אָ ר ט י מ ע ר: ניין, איך וויל היינט. די בלומען זענען נישט שיין פאַר גרענד־פּאַ און גרענד־מאַ. אַדעל, נעם זיי אַוועק פון דאַנען. איך ברענג אַמעריקען ביוטיס. (אָפּ.)

אַ ד ע ל: (שטעקט אַרויס דעם קאָפּ פון דעם צווייטן צימער) אפשר, מאַמאַ, האָט מען זיי געדאַרפט געבן מיין צימער? מיינס איז גרעסער.

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: ניין, אַדעל. דיין צימער איז נישט גרעסער.

אַ ד ע ל: און די פאַרהאַנגען אויף די פענצטער געפעלן מיר אויך נישט. (קומט אַרויס פונם קליינעם צימער.)

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: רייד נישט קיין נאַרישקייטן, אַדעל. די פאַר־האַנגען געהערן צו דעם צימער.

ט ע ד י: אַדעל, דו זאָג אויך, שלום עליקעם, גראָס־מאַדהער! ווי די פייגעלעך צו זייער גרענד־פּאַ און גרענד־מאַ: שלום־עליקעם, שלום־עליקעם, שלום־עליקעם!

אַ ד ע ל: וואָס זאָגט טעדי?

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: דער גרענד־פּאַ האָט אים דערציילט אַ גע־שיכטע וועגן פייגעלעך, וואָס צו זיי זענען געקומען זייער גרענד־פּאַ און גרענד־מאַ און די פייגעלעך האָבן געזאָגט: שלום־עליקעם, גראָס־פאַדהער! שלום־עליקעם, גראָס־מאַדהער. דאָס איז יידיש. און דאָס מיינט: „וועל־קאָם, גרענד־פּאַ, וועלקאָם, גרענד־מאַ", דו, אַדעל, זאָג דאָס אויך . . .

אַ ד ע ל: געוויס. איך וועל דאָס זאָגן. (נעמט די פעדער, וואָס עס הענגט ביי איר אויף אַ שנירל און פאַרשרייבט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר) שלום . . . ווי זאָגסטו, מאַמאַ?

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: שלום־עליקעם, גראָס־פאַדהער! שלום־עליקעם, גראָס־מאַדהער . . .

אַ ד ע ל: (פאַרשריבן. חזרט איין) שלום־עליקעם, גראָס־פאַדהער! שלום־עליקעם, גראָס־פאַדהער! גראָס־מאַדהער, שלום־עליקעם! עס קלינגט שיין. איז דאָס יידיש?

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: יאָ.

(רבי שלעזינגער און עממאַ קומען אַרונטער פון די טרעפּ.)

אַ ד ע ל: (וואַרפט זיך אים אַנטקעגן) שלום־עליקעם, גראָס־פאַדהער!

ר ב י ש ל ע ז.: שלום־עליקעם, וואָס מאַכסטו?



אַ ד ע ל: פיין.

ר ב י ש ל ע ז.: ווי קומסטו דורך מיט דיינע פּראָפעסאָרן אין אוניווערסיטעט?

אַ ד ע ל: מיט די עלטערע הונדערט פּראָצענט גוט, און מיט די יינגערע פּראָפעסאָרן — נישט אַזוי גוט.

ר ב י ש ל ע ז.: פאַרוואָס?

אַ ד ע ל: ווייל, ווען איך טו אַ שמייכל צו אַן עלטערן פּראָפעסאָר, העלפט עס, און אויף די יונגע פּראָפעסאָרן ווירקט ניט מיין „סוויט סמאַיל"...

ר ב י ש ל ע ז.: דו העלפסט זיך נאָך אַלץ אַרויס מיט דיין וויבערשן כשוף?

אַ ד ע ל: מיט עפּעס מוז איך זיך דאָך העלפן. עס איז דאָך מיר גרינגער צו שמייכלען, ווי צו פאַרטיק ווערן מיט די לעקציעס. ווען איך בין נישט פאַרטיק הונדערט פּראָצענט מיט אַ לעקציע, בין איך שטענדיק פאַרטיק הונדערט פּראָצענט מיט אַ זיס שמייכל. און עס העלפט. דאָס הייסט, ביי די עלטערע פּראָפעסאָרן. גלויב מיר, גרענד־פּאַ, עס העלפט!

ר ב י ש ל ע ז.: אויף אַזאַ אופן וועסטו ענדיקן קאָלאָמביאַ מיט אַ שמייכל, דו קליינע קאָקעטקע דו! (אַלע לאַכן.)

ע מ מ אַ: (נעמט טעדין פאַר אַ האַנט) קום, טעדי. (אָפּ מיט אים.)

ר ב י ש ל ע ז.: איצט מוז איך גיין. אַ שאָד וואָס איך קען נישט געבן קיין שלום עליכם דיינע געסט.

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: דו פאָרסט טאָקע מאָרגן?

ר ב י ש ל ע ז.: יאָ, גאַנץ באַשטימט.

אַ ד ע ל: וואוהין פאָרסטו, גרענד־פּאַ?

ר ב י ש ל ע ז.: אין אַטלאַנטיק סיטי.

אַ ד ע ל: אויף ווי לאַנג?

ר ב י ש ל ע ז.: אויף אַ צוויי־דריי וואָכן.

אַ ד ע ל: און אַזוי לאַנג וויל איך דיך ניט זען?

ר ב י ש ל ע ז.: קוק מיך אָן פאַר די דריי וואָכן.

אַ ד ע ל: איך קוק . . .

ר ב י ש ל ע ז.: נו? . . .

אַ ד ע ל: (וואַרפט זיך צו אים שטורמיש און כאַפּט אים אַרום און קושט אים) איין וואָך... צוויי... דריי! (ציילט די קושן) העוו אַ גוד טאַים, גרענד־פּאַ!

ר ב י ש ל ע ז.: (לאַכט) איך האָב שוין אַ גוד־טאַים. וועלל, געדטרוד, גוד־באַי! גריס אין מיין נאָמען דיין מאַן און דיינע געסט!

מאד. זשאַפּע: גוד־באַי, פּאַפּאַ. (קושט אים. רבי שלע־זינגער אָפּ.)

אדעל: מאַמאַ, איך וועל גיין מאַכן מיינע לעסאַנס. ווען זיי וועלן קומען, לאַז מיר גלייך וויסן.

מאד. זשאַפּע: גוט, אַדעל.

אדעל: (טוט אַ קוק אין דאָס פּאַפּירל און לייענט) שלום־עליקעם, גראַס־פּאַדהער! שלום־עליקעם, גראַס־מאַדהער! שלום־עליקעם! (גייט מיט די ווערטער אַרויף די טרעפּ פון דער גאַלעריע און פאַרשווינדט דאָרט.)

מאַדאַם זשאַפּע גייט אַריין אין דעם צימער רעכטס, גייט־צו צו די פאָרהאַנגען, ציט זיי אַרויף און אַראָפּ, באַטראַכט די בעטן און די אַנדערע שכיקער מעבל און שטעלט איבער די בלומען אויף אַן אַנדער אָרט. פון אַ צווייטן צימער דערהערט זיך אַ מוזיקאַליש קלינגען פון אַ זייגער פינף מאָל. עס קומען אַריין דורך דער צענטער־טיר הערמאַן זשאַפּע און זיינע גרינע עלטערן, שלמה און רבקה יאַפּע. הינטער זיי אַ ניגער מיט שלמהס געפּעק. סיי שלמה און סיי רבקה טרעטן צוטומעלטע און וואַרפן צומישטע אויגן אויף דער אומגעוויינלעכער רייכער אומגעבונג. דער ניגער האָט איבערגעלאָזט דאָס געפּעק אין דעם צוגעגרייטן צימער. טוט אַ קוק מיט די ווייסע אויגן אויף די גרינע, פאַרשטעלט דאָס מויל מיט דער האַנט, פאַרשטיקט אַ קוויטשנדיק געלעכטער און לויפט אַרויס. מאַד. זשאַפּע קומט אַרויס פון דעם צוגעגרייטן צימער, דערזעט די גרינע און קוקט אויף זיי מיט אויסגעגלאָצטע אויגן און אַ צופלאַמטן פּנים. זי שטייט ווי צוגעוואַקסן צו איר אָרט. דער דאָזיקער אַלטער מיט דער ווילדער ווייסער באָרד, מיט דעם סוף אַרום האַלדז, מיטן אַלטן הוט אויפן קאָפּ, מיט די צוטומעלטע אויגן און מיטן רוקן, וואָס ער האָט זיך ווי געבויגן אונטער אַ משא פון אומרייניקייט, ווי איר האָט זיך געדאַכט, און די דאָזיקע אַלטע, וואָס האָט אַזוי בעטלעריש־דערשלאָגן אַרויסגעקוקט ווי פון אַ באָרג מיט שמאַטעס, — זיי זענען אַזוי ניִשט ענלעך געווען צו יענע עלטערן פון איר מאַן, ווי זי האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט! פון די טירן רוקן אַריין די דינסטן זייערע קעפּ מיט ווייסע טשיפּעקעס און קוקן אויף די אַלטע ווי אויף אַ בייז־וואונדער און פאַרשווינדן.

מאד. זשאַפּע: וואָט עי סאַיט, גאָד! . . .

זשאַפּע: (קוקנדיק אויף איר מיט אַ בעטנדיקן שמייכל) גערטרוד, מאַי פּאַדהער ענד מאַדהער . . .

מאד. זשאַפּע: (באַהערשט זיך גלייך) אַה, יעס. (גייט־צו צו זיי, שטרעקט אויס גראַציעז די האַנט צו זיי און רעדט אַרוים מיט אַ וואַרימען שמייכל און האַרציק) וועלקאָם פּאַדהער, וועלקאָם מאַדהער, אין אור האַוז!

זשאַפּע: (צו די אַלטע, וואָס קוקן אויף זיין ווייב נאָך אַלץ צו־טומלט) דאָס איז מיין ווייב!

רבקה: (טוט זיך אַ כאַפּ) דיין ווייב? טאָכטער מיינע! (קושט



זי און וויינט מיט אַ קינדערשן געוויין אָן ווערטער. מאַדאַם זשאַפּע קושט זי אויך אוןווישט די טרערן).

מאד. זשאַפּע (וויקלט אַרויס רבקהן פון איר גרויסן טוך און מאַנטל) פּור סאָולס! (רבקה בלייבט שטיין מיט אַ ווייסן טיכל אויפן קאָפּ און אין אַ לוסטרינענעם קלייד און קאָפּטע.)

זשאַפּע: (נעמט אַרונטער פון זיין טאַטן דעם מאַנטל. זיין טאַטע בלייבט אין דעם אַלטן היטל אויפן קאָפּ אוי אין דעם אַלטן גאַרניטור.) איף יו האַירד וואָט דהעי העוו טו טעל . . . איט איז נאָ וואָנדער . . .

מאד. זשאַפּע: דאָנט וואָרי, הערמאַן. דהעי וויל לוק דיפּע־רענט אין טאַים. אַי שעל טעיק גוד קער אָוו דהעם . . . פּור סאָולס . . .

זשאַפּע: (קוקט זי אָן מיט וואַרימקייט און דריקט איר די האַנט) טהענק יו, גערטרוד . . . (שלמה און רבקה קוקן דאָ אויף זייער זון און דאָ אויף זייער שנור, שוין פרייער, און הערן זיך־צו צו דעם אומבאַקאַנטן לשון).

שלמה: (שטיל צו זיין ווייב) נו, רבקה, דו פאַרשטייסט זייער לשון?

רבקה: איך? ניין, שלמה.

שלמה: און איך אויך נישט, רבקה.

מאד. זשאַפּע: הערמאַן, דהי טשילדרען אַר קאַמינג. דהעי מאָסט נאָט סי דהעם דהאַט ועי. אַי עם עשעימד איוון פאַר דהי סאַירוועגטס. (זאָגט אים אין דער שטיל נאָך עפּעס.)

זשאפּע: קום, פּאַפּאַ, איך וועל דיר ווייזן, וואו זיך איינצוואַוואַשן. און דו, מאַמאַ, גיי מיט גערטרודן.

מאד. זשאַפּע: דו, מאַדהער, דו קאָם וויט מי. טו וואָש איז נעזונטהייט ענד אַ מצוה טו! . . .

רבקה: (אָנקוקנדיק זי מיט אויסגעגלאָצטע אויגן. ־צו זשאַפּען) הערשעלע, מיין זון, לעבן זאָל זי, זי רעדט . . . און וואָס זאָגט זי?

זשאַפּע: זי זאָגט, יו נאָו, איר זייט פונם וועג, דאַרפט איר אָרומ־וואַשן דעם שטויב. איר וועט דאַן בעסער פילן . . .

מאד. זשאַפּע: יעס, יעס, מאַדהער, ענד א מצוה טו!

רבקה: דאָס מיינט זי? נו, אדרבא, אוודאי . . .

שלמה: אויב דו האָסט נאָר אַ טוש, אדרבא. אין דערהיים אַמאָל זענען מיר געוואוינט געווען צו אַ טוש . . .

מאד. זשאַפּע: אַי׳ל גאָ ענד פּריפּער! (אָפּ.)

שלמה: (ווען מאַדאַם זשאַפּע איז אַוועק) הערשעלע, דיין ווייב איז טאָקע אַ רבס אַ טאָכטער?

ז ש אָ פּ ע: געוויס. רבי שלעזינגערס טאָכטער.

ש ל מ ה: היינט ווי קומט עס, וואָס זי רעדט נישט קיין ייִדיש?

ז ש אָ פּ ע: זי איז דאָ געבוירן, יו סי, און אירע עלטערן זענען פֿון ווין.

ר ב ק ה: אַבי אַ ייִדיש קינד און אַ רבס אַ טאָכטער, איז אוודאי אַ דאַנק גאָט. (קוקט מיט ליבע אויף זשאָפּען) געלויבט זאָל זיין זיין נאָמען. איך זע דיך ווידער, מיין זון. שוין איבער צוואַנציק יאָר דיך נישט געזען. אַ מאָגער, אַן אײַדל בחורל ביזטו געווען, הערשעלע, ווען דו ביזט אַוועקגעפֿאָרן. דו געדענקסט, ווי איך האָב זיך נישט געקענט אָפּרייסן פֿון דיר ביים געזעגענען זיך, האַ?

ז ש אָ פּ ע: (גלעט זי) יעס, מאַמאַ, איך געדענק.

ר ב ק ה: און ווי מיר האָבן געבענקט נאָך דיר אָט די אַלע יאָרן. נאָך דיר, נאָך דיין ווייב און נאָך דיינע ציפּליאַנטשיקלעך. איין זון, איין קדיש, און ער איז אָפּגעריסן פֿון אונז. אַ ווייב האָט ער, קענען מיר זי נישט. קינדערלעך האָט ער, קענען מיר זיי אויך נישט. אַז איך וואָלט געהאַט פֿליגלען, וואָלט איך שוין לאַנג צו אייך געפֿלויגן. נו, אַ דאַנק גאָט, נאָך די אַלע צרות פֿון דעם פּאָגראָם און נאָך די אַנדערע יסורים האָבן מיר איצט אַביסעלע נחת.

ז ש אָ פּ ע: מיין ליבע מאַמאַ, ווי איך בין העפּפּי . . . אַי מין, ווי איך בין גליקלעך אייך צו זען . . .

ר ב ק ה: און אַז איך האָב דיך דערזען, האָב איך דיך נישט דערקענט. איז דאָס מיין מאָגערינקער, איידעלער הערשעלע? אָט איצט, מיין זון, דערקען איך דיך. ווי צוויי טראָפּן וואַסער דיין פֿאָרטרעט, וואָס דו האָסט אונז געשיקט. נישט אמת, שלמה?

ש ל מ ה: דעם אמת געזאָגט, וואונדער איך זיך נאָך אַלץ, צי דאָס איז אונזער הערשל. מען דאַרף מאַכן די ברכה „ברוך משנה הבריות“. איך דערקען דיך נישט, מיין זון.

ז ש אָ פּ ע: איך דערקען דיך אויך נישט. וואו איז דיין שיינע, שוואַרצע באָרד, פּאָפּאַ?

ש ל מ ה: מיין שוואַרצע באָרד? אַביסל די יאָרן און אַ היפּש ביסל די צרות האָבן זי אויסגעפּליקט. דו האָסט אַ פּאַפּיראָסקע, מיין זון? (זשאָפּע גיט אים אַ סיגאַר.)

ר ב ק ה: שלמה, דו האָסט געדאַרפֿט אויספּאַקן די פּעקלעך, אַרויסנעמען די פּערל פֿאַר אונזער שנור.

ז ש אָ פּ ע: אַנטשולדיק, פּאָפּאַ. איך האָב דיר דאָס נאָך דאָרט געוואָלט זאָגן, אַז דו זאָלסט די פּעקלעך מיט די שמאַטעס און אַלטוואַרג אי-



בערלאָזן. איך וועל אייך בעסערע זאַכן קויפֿן. נייע. פֿאַק זיי נישט אויס בעסער.

ש ל מ ה: וואָס מיינסטו? דו ווייסט וואָס פֿאַר הייליקע זאַכן עס זיינען פֿאַרפּאַקט אין אָט די פּעקלעך? מיין חומש, מיין תהילים, דיין זיידנס ש״ס, דיין זיידנס שולחן ערוך און אַנדערע הייליקע ספֿרים . . .

ז ש אָ פּ ע: דאָס אַלצדינג קען מען דאָ קויפֿן נייע, אָן דעם שטויב...

ש ל מ ה: אָן דעם שטויב? אַך, מיין זון, אָט דווקא דער שטויב איז דאָך מיר הייליק. אָט די אַלע הייליקע ספֿרים, וואָס איך שלעפּ זיי דאָ אין די פּעקלעך, האָט דיין זיידע געירשנט פֿון זיין טאַטן און איך האָב זיי געירשנט פֿון דיין זיידן. אָט דווקא, ווייל זיי זענען פֿאַרשטויבט, זענען זיי מיר הייליק.

ז ש אַ פּ ע: יעס, איך פֿאַרשטיי. יו אַר ראַיט. איך מין, דו ביזט גערעכט. (אַדעל לויפֿט אַרונטער האַסטיק פֿון די טרעפּ. מאַדאַם זשאַפּע דערשיינט פֿון דער טיר לינקס).

אַ ד ע ל: זיי זענען שוין דאָ? שלום! (דערזען די אַלטע, בלייבט זי שטיין מיט אַ צוטומלטער מינע.)

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: (צוגעגאַנגען צו איר) אַדעל, יור גרענד־פּאַ ענד גרענד־מאַ, בי פֿרענדלי! (אַדעל הויבט אָן צו שמייכלען אַנגענעם.)

ז ש אַ פּ ע: מיין טאָכטער אַדעל.

ר ב ק ה: דיין האָדעלע? (טוט זיך אַ לאָז צו איר און שלמה נאָך איר. ביידע מיט האַרציקע שמייכלען) גוואַלד, וואָס פֿאַר אַ פֿאַרשוין! קיין עין הרע! (כאַפּט אַרום אַדעל און קושט זי. שלמה טוט דאָס זעלבע. אַדעל שטייט אַ צוטומעלטע און לאָזט זיך קושן. מאַרטימער קומט אַריין מיט אַ בוקעט אַמעריקען ביוטיס.)

ז ש אַ פּ ע: דאָ איז מאָרטימער אויך. מאָרטימער, יור גרענד־פּאַ ענד גרענד־מאַ! (מאָרטימער קוקט אויף די אַלטע מיט אַזאַ מינע ווי ער וואָלט דערזען פֿאַר זיך ווילדע טשיקאַווע נפֿשות). דאָס איז מיין זון מאָרטימער. (דערווייל האָט זיך אַדעל אָפּגערוקט פֿון די אַלטע, אינגאַנצן צוטומעלט, בייסט די ליפּן און ווישט זיך פֿאַרגנבעט מיט אַ טיכל, און רוקט זיך אַרויס פֿון צימער.)

ש ל מ ה: דאָס איז מרדכילע?

ז ש אַ פּ ע: יאָ, דאָס איז ער.

ר ב ק ה: אוי, מרדכילע! (טוט זיך אַ לאָז צו אים. ער טוט זיך אַ צאַפּל און לאָזט אַרויס דעם בוקעט בלומען פֿון די הענט).

מ א ד. ז ש אַ פּ ע: מאָרטימער, בי פֿרענדלי! (זי הויבט אויף

דעם בוקעט און לייגט אים אויפֿן טיש. מאַרטימער וויל אַ שמייכל טאָן און עס קומט אַרויס ביי אים אַ זויערע מינע.)

ר ב ק ה : איז דאָס אונזער איניקל מרדכילע ? מיר האָבן דאָך אַזוי געבענקט נאָך דיר און נאָך אייך אַלעמען ! (קושט אים און ער קרימט דערביי דעם פּנים, אַזוי ווי ער וואָלט אַ ביטערן מעדיצין איינגענומען.)

מ אַ ר ט י מ ע ר : דאָנט קיס מי סאָ מאָטש !

ז ש אַ פּ ע : (שטרענג) מאַרטימער !

ש ל מ ה : מרדכילע, נו, שלום עליכם, צוקוש זיך מיטן זיידן אויך. (קושט אים.)

מ אַ ר ט י מ ע ר : (אַ צורויטלטער, צעווייַנט זיך שיער) דעטס אָל. (אָפּ.)

מ אַ ד . ז ש אַ פּ ע : (אויפגערעגט) מאַרטימער ! (אָפּ נאָך אים.)

ש ל מ ה : (מיט התפּעלות) הערשעלע, מתנות וועל איך פֿאַר זיי קויפֿן. זאָלן זיי וויסן, אַז זייער זיידע און באָבע זענען געקומען.

ר ב ק ה : (ווישנדיק די אויגן) די שענסטע מתנות פֿון גאָט זענען זיי. אמתע ליאַלקעס. איך האָב גאָר מורא צו קוקן אויף זיי, טאָמער וועל איך זיי אַן עין הרע געבן.

ש ל מ ה : (צולאַכט זיך) אָט האָסטו דיר ! איז ווען גייסטו מיט מיר, הערשעלע, קויפֿן מתנות ?

ז ש אַ פּ ע : מאָרגן.

ש ל מ ה : אַבער ריכטיקע, דו הערסט ? . . . אי פֿאַר האָדלען . . . ווי רופֿסטו דיין האָדלען ?

ז ש אַ פּ ע : אָדעל.

ש ל מ ה : און דיין מרדכילען ?

ז ש אַ פּ ע : מאַרטימער.

ש ל מ ה : און דיין מיזיניקל ?

ז ש אַ פּ ע : טעדעלע . . .

ש ל מ ה : ווייס איך, צו שווער, אַ רחמנות אויף מיינע אַלטע ציין. איך וועל זיי רופֿן ווי אין דער היים : האָדל און מרדכילע. זעסטו, דעם מי־זיניקל דיינעם וועל איך דווקא רופֿן אַזוי ווי דו — טאַטעלע . . . טאַטעלע איז דווקא יידישלעך. מסתמא פֿאַרצויגן פֿון דעם וואָרט „אבא“, טאַטע, האַ, מיין זון ?

ז ש אַ פּ ע : דאָס קען זיין.

(מאַדאַם זשאַפּע קומט אַריין, הינטער איר — מאַרטימער און אַדעל, וועלכע בלייבן שטיין פֿון דערווייטנס.)



מ אַ ד . ז ש אַ פּ ע : (צו די גרינע) : נאָו, וואַש, וואַש ! (ווייזט מיט די הענט, ווי זי וואָלט זיך געוואַשן.)

ש ל מ ה : אַה, יאָ, יאָ. איך האָב שיער נישט פֿאַרגעסן, וואָס איך האָב פֿריער געוואָלט טאָן. נו, הערשעלע, פֿיר דיין טאַטן אין באָד.

(אָפּ מיט זשאַפּען. רבקה מיט מאַדאַם זשאַפּע).

מ אַ ר ט י מ ע ר : (טוט אַ וואונק צו אַדעלן און מאַכט נאָך זיין מוטער מיט די הענט) וואַש, וואַש . . .

אַ ד ע ל : (מיט אַ שמייכל) יעס.

(מאַרטימער הויבט אָן דערנאָך צו זוכן אין צימער אויפֿן דיל. אַדעל מיט אים).

אַ ד ע ל : אפֿשר האָסטו פֿאַרלאָרן דיין שפּילקע ערגעץ וואו אַנדערש ?

מ אַ ר ט י מ ע ר : (הויבט אויף פֿונם דיל אַ שפּילקע) געפֿונען. הפּנים ער האָט עס אַרונטערגעשאַרט מיט זיינע סאַנטאַ־קלאוס וואָנסקערס, ווען ער האָט מיך געקושט. ער האָט מיר שיער דעם גאַנצן פּנים מיט זיין ווילדער באָרד נישט אַרונטערגעריסן. אַדעל, זענען אָט די ווילדע באמת אונזערע גרענד־פּאַ און גרענד־מאַ ?

אַ ד ע ל : יאָ, מאַרטימער. מיר האָבן זיך טאַקע אומזיסט געפֿרייט. אַבער זיי זענען דאָך אונזערע גרענד־פּאַ און גרענד־מאַ.

מ אַ ר ט י מ ע ר : איין גרענד־פּאַ און איין גרענד־מאַ האָבן מיר. — גרענד־פּאַ שלעזינגער און גרענד־מאַ רוט. יענע האָבן מיר ליב און די, גאָד ! . . .

אַ ד ע ל : מאַרטימער, רייד נישט אַזוי. ווען פּאַפּאַ אָדער מאַמאַ זאָל דאָס הערן.

מ אַ ר ט י מ ע ר : דאָס איז דער ריינער אמת, אַדעל. און האָסטו פֿאַרשטאַנען, וואָס זיי האָבן גערעדט ? איך, קיין וואָרט נישט. מאַרקעלע, מאַרקעלע, מאַרקעלע. געהערט אַזאַ ווילדן לשון ?

אַד ע ל : (לאַכט) איך האָב אויך נישט פֿאַרשטאַנען קיין איין וואָרט.

מ אַ ר ט י מ ע ר : איך וועל היינט נישט קענען עסן, אַדעל. אויף דער צונג פֿיל איך נאָך זיין באָרד. או ! . . . (ווישט זיך די צונג און די ליפּן מיט אַ טיכל) אַי, אַדעל, פֿון וואַנען האָבן זיך גענומען אַזאַ גרענד־פּאַ און אַזאַ גרענד־מאַ ?

אַ ד ע ל : פּאַפּאַ וועט אים דאַרפֿן נעמען צו אַ באַרבער . . .

מ אַ ר ט י מ ע ר : דער באַרבער וועט האָבן אַ גאַנצן טאָג אַרבעט. וואו האָט ער גענומען אַזאַ באָרד ? (דערזעט זיין בוקעט בלומען אויפֿן טיש.)

זעסט ? געלאָפן אַזוי ווייט צו קויפן די אַמעריקען ביוטיס, און צום סוף — אַזאַ גרענד־פּאַ און אַזאַ גרענד־מאַ, און אַזאַ באָרד ! איך וועל זיי די בלומען נישט געבן — ניין! אַדעל, נעם דו צו די בלומען ! . . .

אַ ד ע ל : מאָרטימער, דו ביזט אַ ווילדער! טראָג אַריין די בלומען צו זיי אין צימער. געקויפט פאַר זיי, דאַרף דאָס בלייבן פאַר זיי. און צי גוט, צי שלעכט, זיי זענען פּאַפּאַס עלטערן, און שוייג! (כאַפּט די בלומען און טראָגט זיי אַריין אין צימער צו די גרינע.)

מ אָ ר ט י מ ע ר : מיר וועלן נישט קענען זיי אַרויסלאָזן פונם הויז, וואָרים מען וועט לאַכן פון אונז...

אַ ד ע ל : ניש־קשה, מיר וועלן זיי מאַכן פאַר אַמעריקאַנער. דו האָסט דאָך געהערט, וואָס מאַמע האָט געזאָגט ? זי וועט זיי דערציען, וועט זיי אַמעריקאַניזירן . . .

(עס דערהערט זיך פון אַהינטער אַ טיר שלמהס קול.)

מ אָ ר ט י מ ע ר : (גיט זיך אַ כאַפּ) זיי קומען. זיי וועלן נאָך אונז ווידער קושן. קום ! (ער אַנטלויפט מיט אַדעלן אויף די טרעפּ.)

(שלמה, אין אַ יאַרמולקע, און אין זיין זונס שלאָף־ראָק, קומט אַריין מיט זשאָפּען און קוקט אויס אַזוי ווי ער וואָלט פון אַ באָד אַרויס.)

ש ל מ ה : אַי, אַי, פּשוט זיך מחיה געווען! דער טוש איז גאָר פלאַי פלאַים, ווי גוטער באָלזאַם ! אַלע ביינער צעוואָרימט. עפּעס גאָר אַן אַנדער מין טוש ווי איך האָב אין דער היים געהאַט . . .

ז ש אָ פּ ע : (לאַכט) אַבי דו האָסט הנאה געהאַט, בין איך צופרידן.

ש ל מ ה : סטייטש, הנאה געהאַט, פלאַי פלאַים.

ז ש אָ פּ ע : (פאַררויכערט אַ סיגאַר און גיט איינעם זיין פאָטער) וועסט סמוקן ?

ש ל מ ה : האַ ?

ז ש אָ פּ ע : איך מיין, דו וועסט רויכערן ?

ש ל מ ה : (גענומען דעם סיגאַר) גוטע סיגאַרן . . . איך האָב מורא, מיין זון, אַז דו וועסט מיר צוגעוואויינען צו אַט די אַלע גוטע זאַכן, וועל איך אויף די עלטערע יאָרן קריגן אַ רייכן יצר הרע.

ז ש אָ פּ ע : איז וואָס האָסטו מורא ? ביי מיר וועסטו קענען דעם רייכן יצר הרע נאָכגעבן. מאָרגן פאָר איך מיט דיר און דער מאַמען אין אַ געשעפט און קויף אייך קליידער.

ש ל מ ה : דו וועסט גאָר קויפן ? אַ דאַנק גאָט, איך קען אַליין באַצאָלן. נישט געקומען צו דיר קיין אָרימאַן, חלילה. דאָ, אין בוזים־קעשענע, זענען ביי מיר איינגענייט עטלעכע טויזנט זלאָטיס. וויפיל די רוצחים האָבן



נישט צוראַבירט, איז נאָך אַלץ עפּעס פאַרבליבן. אַ דאַנק גאָט, כדי דיין טאַטע זאָל נישט דאַרפן אָנקומען אויף זיינע עלטערע יאָרן צו זיינעם אַ קינד. דו קענסט דאָך מיך, הערשל ? דו האָסט מיר אַ סך מאָל געוואָלט שיקן געלט פון דאַנען — ניין, אַ דאַנק, מוחל ! האָסט געשיקט אַ מתנה מיר, צי דיין מאַמען ? זייער שיין ! אָבער, דו זאָלסט מיר העלפן מיט געלט, דאָס, מיין זון, וויל איך נישט, זאָל מיר גאָט אויסהיטן ! נישט געוואוינט, מיין זון, אַז מען זאָל מיר העלפן. אַלע יאָרן בין איך געוואוינט געווען, אַז איך זאָל העלפן אַנדערע. (רבקה, אַ פאַררויטלטע און אין סאַמעטענע שטעק־שיך, און מאַדאַם זשאָפּע קומען אַריין.)

ר ב ק ה : מיין זון, זאָג דיין ווייב, אַז זי האָט מיך מחיה געווען. איך האָב דאָס איר געזאָגט, זי פאַרשטייט אָבער נישט, וואָס איך רייד. ווי אַ גוטע מאַמע איז זי צו מיר געווען. מיט די אייגענע הענט מיך געוואַשן, אַזוי ווי איך וואָלט געווען אירס אַ לייבלעכע עופהלע. זאָג עס איר, מיין זון.

מ אָ ד. ז ש אָ פּ ע (גייט־צו צו איר און נעמט זי אַרום) אַי אַנדער־סטענד וואָט יו סעי, פּור סאָול. דו מיין מאַמאַ, מיין דיער מאַמאַ ! (קושט זי.)

ר ב ק ה : אָט דאָס פאַרשטיי איך, מיין טאָכטער. אַ קוש פאַרשטיי איך. נו, אַ דאַנק גאָט, אַ דאַנק גאָט. איז טאַטקעלע נאָך נישטאָ ? מיין האַרץ גייט אויס ; איך וואָלט אים שוין אַזוי וועלן זען.

ז ש אָ פּ ע : ער איז אַרויס שפּאַצירן. ער וועט באַלד זיין. זעצט זיך צום טיש. איר ווילט עסן, טרינקען ?

ש ל מ ה : עסן ווילן מיר נישט, נאָר אַ גלעזעלע טיי . . . (זעצט זיך ביים טיש ; רבקה זעצט זיך לעבן אים. מאַדאַם זשאָפּע גייט אַרויס פונם צימער. זשאָפּע זעצט זיך לעבן זיין מאַמען און נעמט זי אַרום.)

ר ב ק ה : (גלעט אים די האַנט) מיין הערשעלע . . . זון מיינער . . . גוואַלד, וואָס פאַר אַ גאָט ! אָט זיצן מיר ביי דיר אין אַזאַ הויז, זען דיך און אונזער שנור, און אונזערע אייניקלעך . . . און מיר זענען דאָך שיער, שיער נישט געווען אויף יענער וועלט. דיין טאַטן האָט מען דאָך שיער נישט דערהרגעט.

(מאַדאַם זשאָפּע קומט אַריין, און איין דינסט נאָך איר מיט טיי אויף אַ טאַץ און אַ צווייטע מיט פרוכטן און געבעקס. די דינסטן קוקן זיך איבער מיט אַ שמייכל און אָפּ. מאַדאַם זשאָפּע רוקט־צו גלעזער טיי צו שלמהן און רבקהן און דערנאָך זעצט זי זיך אויך.)

ש ל מ ה : ווען מען וואָלט מיך געהרגעט, וואָלט נישט געווען אַזאַ אומגליק ווי דאָס, וואָס איך האָב געמוזט קושן ביים פאָגראָמטשיק דעם שטיוול, וואָס ער איז דורכגעווייקט געווען אין יידישן בלוט.

ז ש אַ פּ ע: וואָס הייסט?

ש ל מ ה: (אויפגערעגט) בעת איך בין געלעגן אויף דר'ערד אַ צעד־הרגעטער, האָט דער פּאַגראָמשטשיק צו מיר געשריען: „קוש מיינע פיס, באָלשעוויק דר"! און געשפּאַרט מיר דעם בלוטיקן שטיוול אין מויל אַריין . . . ידיש בלוט פאַרזוכט. אַ פולן מויל אָנגענומען כּון אָט דעם שטיוול . . . אפשר פון ידישע קליינע קינדער . . . נאָך איצט איז עס ביי מיר אין מויל, אין האַלדז, אין האַרצן. ווי אַ פייער ברענט עס אין מיר, ווי אַ העליש פייער. כ'ווייס גאָרנישט, ווי אַזוי כ'האָב עס איבערגעלעבט; ווי איך האָב געקאָנט גאָר נאָך אַזאַ מעשה לעבן.

ז ש אַ פּ ע (צו זיין ווייב) דו יו אָנדערסטענד? . . .

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: (מיט טרערן אין די אויגן) אָה, יעס!

ז ש אַ פּ ע: נו, פאַרגעס, פּאַפּאַ . . . באַרואיק זיך . . .

ש ל מ ה: פאַרגעסן? נישט ווען אפילו מען וועט מיר שערבלעך אַרויפלייגן אויף די אויגן! איך פאַרשטיי נאָך עד היום נישט, ווי אַזוי איך האָב עס געטאָן. אפנים נישט ביים זינען געווען. וואָס הייסט קושן דעם שטיוול ביי אַזאַ רוצח? צולייגן די ליפּן צו אַ שטיוול, וואָס ער איז איינגע־ווייקט געווען אין ידיש בלוט? און ווער? שלמה יאַפּע! נישט אַנדערש ווי איך בין נישט געווען ביים קלאָרן זינען!

ר ב ק ה: אַז דו וואָלסט עס נישט געטאָן, וואָלט מען דיך, חלילה, דערהרגעט אויף טויט.

ש ל מ ה: לאָזן זיך דערהרגענען און נישט טאָן דאָס. נישט שלמה יאַפּע, נישט איך! נאָך אָט דער מעשה האָב איך נישט געקענט מער קוקן נישט אויף זיך און נישט אויף מיין הויז, און נישט אויף מיין גאַס, און נישט אויף דער גאַנצער שטאָט, און איך וואָלט אַנטלאָפן אפילו אונטער דער ערד!

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע (גייט־צו צו אים און נעמט אַרום אים און רבקהן און פּליסטערט אַרוים מיט טרערן אין די אויגן) יו פּור סאָולס, ווי דו געסאָפערסט האָסט! און ווהאָט עי פאַין קערעקטער יו אַר. ווי שאַל טעיק גוד קער אָוו יו. העוו יור טהי . . . דרינק! (רוקט־צו צו זיי דאָס געבעקס) העוו דהאָט, איט איז כשר; עווריטינג איז כשר.

ז ש אַ פּ ע: טרינק, פּאַפּאַ, טרינק, מאַמאַ. (ער ווישט פאַרגנבעט די אויגן.)

ש ל מ ה: דו ווייסט, הערשל, אַז איך דערמאָן מיך . . . נאָר מילא! (הויבט אָן צו טרינקען די טיי.)

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע (רוקט־צו צו אים דאָס געבעקס) העוו דהאָט, פּאַדהער, כשר!



ש ל מ ה: (ווינקט צו איר אויף שטוס־לשון): דו ווילסט מיר געבן צו פאַרשטיין, אַז עס איז כשר? נו, אוודאי. איך פאַרשטיי אַליין, ביי אַ טאָכ־טער פון אַ רב, נו, אוודאי . . .

(טעדי לויפט אַריין.)

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: היר איז טעדי; (ער לויפט־צו צו זיין מוטער און דרייט זיך אַריין מיטן רוקן אין איר קלייד און קוקט פאַרוואונדערט אויף שלמהן און רבקהן.) טעדי, יור ניו גרענדפּאַ ענד גרענדמאַ. (ער דרייט די אַקסלען און שוויגט.) וועלל, טעדי, שלום־עליקעם . . .

ט ע ד י: שלום־עליקעם, גראַס־מאַדהער! (פאַרשעמט זיך און באַהאַלט דאָס פּנים ביי זיין מוטער אין קלייד.)

ר ב ק ה: דאָס איז טאַטעלע?

ז ש אַ פּ ע: יאָ, מאַמאַ, מיין טעדעלע . . .

ר ב ק ה: קיין עין הרע נישט, ווי אַלע זיבן זונען. (הויבט זיך אויף פונם אָרט און לויפט צום קינד) דיין באָבע, פייגעלע, לאָם מיר דיך אָנקושן! (שטרעקט אויס די הענט צו אים. ער דרייט אַוועק דעם קאָפּ פון איר און דריקט זיך אַריין מער אין זיין מאַמעס קלייד.)

ז ש אַ פּ ע: טעדי דיער, קיס יור גרענדמאַ! (טעדי וויל שוין זיך אַ לאָז טאָן צו רבקהן, דערזעט ער פלוצלונג שלמהן, וואָס ער איז אויך צוגע־גאַנגען צו אים, טוט ער אַ קוק אויף זיין באָרד פאַרוואונדערט און באַהאַלט ווידער דעם פּנים ביי זיין מאַמען אין קלייד.)

ש ל מ ה: אַ קינד . . . מילא . . . פאַרשטייט נאָך נישט, וואָס זיידע איז און וואָס באָבע איז . . . און טאַקע נישט באַקאַנט אויך . . . וועט זיך מער באַקאַנען מיט אונז . . . לאָז אים צורו, רבקה, קום . . .

ר ב ק ה: ער שרעקט זיך פאַר אונז . . . פאַרוואָס? אַ קינד דאַרף דאָך פילן, ווער עס האָט אים האָלט. און מיין האַרץ גייט דאָך אויס נאָך אים...

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: טעדי דיער, ווהאָט דיר ליטל באָירד סעי?

ט ע ד י: שלום־עליקעם, גרענד־מאַדהער, שלום־עליקעם, גרענד־פאַדהער!

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: וועלל, ווהאַי דאָנט יו סעי? . . .

ט ע ד י: (צולאַכט זיך פלוצלונג ליכטיק און לויפט־צו צו רבקהן) שלום־עליקעם!

ר ב ק ה: (טוט אים אַ כאַפּ אין אירע אָרעמס) אַי, ער האָט, דאַכט זיך, בעזאָגט שלום עליכם! אַי, חיות! אַי, נחת! אַי, לעבן! (קושט אים.)

ש ל מ ה: (טוט אים אַ כאַפּ צו זיך אויפן שויס) אַז דו זאָגסט

שלום עליכם, ביזטו דאָך שוין גאָר אַ גאָש־בראָט! אויב אַזוי, ווידליקל, שטעק אַריין דעם זיידן דאָס לאָפּקעלע און זאָג „שלום עליכם, זיידע!“

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: טעדי, שלום־עליקעם . . .

ט ע ד י: שלום־עליקעם, גרענד־פאָדהער!

ש ל מ ה: עליכעם־שלום, טאַטקעלע . . . (טעדי קוקט דערווייל אויף שלמהס באָרד, רירט זי אָן מיט איין פינגער, דערנאָך מיט אַלע פינף. דער־נאָך רוקט ער אַריין אַהין דאָס גאַנצע הענטל, וואו עס פאַרשווינדט צווישן די ווייסע האָר. געפעלט עס אים און ער לאַכט. דערנאָך קוקט ער זיך אום אויף זיין מאַמען מיט אַ גליקלעכער מינע, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס אַ וואונ־דערלעכע זאַך אַנטדעקט און צולאַכט זיך נאָך הילכיקער.)

ז ש אַ פּ ע: (מיט אַ שמייכל) אים געפעלט דיין באָרד, פּאָפּאָ . . .

ר ב ק ה: (מיט הרחבה) אַט רייס טאַקע אויס, טאַטעלע, דייך זיידן די באָרד! (טעדי, אַזוי ווי ער וואָלט פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט אים געזאָגט, טוט טאַקע אַ צי די באָרד אַפּריער מיט איין הענטל דערנאָך מיטביידע.)

ש ל מ ה: ער רייסט דאָך טאַקע! (לאַכט) אײַ, גוט, גוט, אַ מחיה, אַלע טעמים האָט עס . . . אַזעלכע וואַרימע הענטעלעך . . . אַט אַזוי־אַ, אַט אַזוי־אַ! אײַ־אײַ־אײַ, גוואַלד, גזלן, עס טוט וויי, מיט רחמנות!

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: (טוט אַ כאַפּ טעדין פון שלמהס שויס) דאָנט, יו אַר האַירטינג גרענדפּאָ! (טעדי לאַכט.)

של מ ה: געשמאַק, אַ מחיה! אָבער עס טוט וויי! . . .

ר ב ק ה: (מיט הרחבה) הלואי האָב איך אַ באָרד און זאָלן די אייניקלעך אונזערע רייסן, אויב זיי האָבן הנאה דערפון . . .

ז ש אַ פּ ע: (צולאַכט זיך) גערטרור, דיד יו היר?

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: יעס, יור מאַדהער איז ען ענדזשל!

(אַ דינסט קומט אַריין, ראַמט אָפּ פונם טיש און אָפּ. אַן אַנדערע קומט אַריין און דעקט דעם טיש פאַר אָוונט־ברויט.)

ז ש אַ פּ ע: מיר וועלן איצט עסן סאַפּער, מאַמאַ.

ר ב ק ה: וואָס?

ז ש אַ פּ ע: איך מיין, ווי רופט מען עס ביי אייך? יעס, וועטשערע. דאָט׳ס איט. מיר וועלן איצט עסן וועטשערע.

(פאָרהאַנג לאָזט זיך אַרונטער און הויבט זיך באַלד אויף.)



# צווייט בילד

נאַכט. דאָס צימער פון שלמה און רבקה טובלט זיך אין אַ ראָזעווען ליכט, וואָס גיסט זיך פון די ראָזעווע עלעקטרישע לעמפּלעך. זשאַפּע באַגלייט זיין טאַטע־מאַמע צו זיי אין צימער.

ז ש אַ פּ ע: אַז איר וועט וועלן, אַז עס זאָל ווערן פינצטער, זאָלט איר אַ דריק טאָן אַט דעם קנאָפּ . . .

ש ל מ ה: גוט, מיין זון. (ווייזט אויף די פּעל לעבן די בעטן) צו וואָס דאַרף מען נבלות אין אַ צימער?

ז ש אַ פּ ע: נישט קיין לעבעדיקע, שרעק זיך נישט.

ש ל מ ה: אָבער דיין מאַמע, האָב איך מורא, וועט זיך ביינאַכט שרעקן פאַר דעם . . .

ז ש אַ פּ ע: מען האָט עס אָוועקגעלייגט, כדי עס זאָל זיין אייך באַ־קוועמער, ווען איר וועט דאַרפן פון בעט אַרונטערגיין.

ש ל מ ה: מען דאַרף נישט. נישט נויטיק. אָן נבלות איז בעסער.

ז ש א פ ע: וועל איך דאָס צונעמען. (וואַרפט אַרויס די פּעל פון צימער.) גוט נאַכט אייך!

ש ל מ ה, ר ב ק ה: גוט נאַכט. (זשאַפּע אַרויס. אין דעם צווייטן צימער ווערט פינצטער. עס איז בלויז ליכטיק אינם צימער ביי די אַלטע.)

ש ל מ ה: אַ מאָדנע וועלט. נבלות האַלט מען גאָר אין אַ שטוב!

ר ב ק ה: און אין אַזאַ שטוב. וואָס זאָגסטו, שלמה? (ביידע טוען זיך אויס.)

ש ל מ ה: וואָס זאָל איך זאָגן?

ר ב ק ה: אַ פּאַלאַץ, האָ?

ש ל מ ה: אײַ־אײַ, ס׳טייטש אַ פּאַלאַץ!

ר ב ק ה: ווער, אָן ערך, וואוינט ביי אונז אין אַזאַ הויז?

ש ל מ ה: דו מיינסט אַמאָל? אפשר גאָר די גרויסע: באַראָן גינזבורג, פּאָליאַקאָוו, בראָדסקי און אפשר אַמאָל דער קיסר אַליין . . .

ר ב ק ה: מיר גלויבט זיך נישט, שלמה . . .

ש ל מ ה: וואָס גלויבט זיך דיר נישט?

ר ב ק ה: אַז דאָס איז אויפֿן וואָר. נאָכן פּאָגראָם, נאָך דער אָפּקו־מעניש אויפֿן שיף . . .

ש ל מ ה: (לייגט זיך אויפֿן בעט) אײ־אײ־אײ, אַ גן־עדן . . .

ר ב ק ה: ווּעסטו וויסן, ווי צו מאַכן פֿינצטער, שלמה?

ש ל מ ה: וואָס פֿרעגסטו אַזעלכע נאַרישע קשיות? דער אייגענער קוועטש ווי אין דערהיים און ווי אויפֿן שיף . . .

ר ב ק ה: נו, טו דאַרט אַ קוועטש, שלמה . . . (לייגט זיך אויך אויף איר בעט.)

ש ל מ ה: וואַרט נאָך אַ ווײַליטשקע — איך וויל נאָך קוקן אויף דער אילומינאַציע. גאָר אַן אַנדער מין עלעקטרי ווי אין דער היים. אַזוי ווי אַ רויטער וואָלקן טראָגט זיך איבער אונז. און דאָס האָט דאָך אַלץ דער מענטש אויסגעטראַכט מיט זײַן שכל.

ר ב ק ה: גאָט האָט דעם מענטשן געגעבן שכל אַרײַנגעגעבן, שלמה.

ש ל מ ה: סטייטש שכל. אַ ייִדענע קען גאָר אַזוי פֿיל נישט באַ־נעמען. דו האָסט זיך נישט דערשראָקן פֿאַר דעם אַראָפּ, האַ? אַז ער טוט אַ שטעל אויס אויף דיר אַזעלכע ווײַסע אויגן און ווײַסע ציין, ווערט אַביסל מוראַדיק, נײַן? (ער ווערט אַנטשוויגן. פּויזע.)

ר ב ק ה: שלמה, אַ, שלמה, דו שלאָפֿסט?

ש ל מ ה: ניין. וואָס איז?

ר ב ק ה: אונזער שנור, שלמה, וואָס זאָגסטו, האַ?

ש ל מ ה: וואָס?

ר ב ק ה: אַזאַ גבירטע און זי האָט מיך מיט די אייגענע הענט געוואַשן.

ש ל מ ה: זי איז אַ דימענט און אַ גרויסע מיוחסת, אַ רבס אַ טאָכטער.

ר ב ק ה: און זי האָט מיך מיט בשמים אַזעלכע באַשפּריצט . . .

ש ל מ ה: מיט בשמים גאָר?

ר ב ק ה: יאָ, שלמה. עס האָט געשמעקט פֿון דעם אַ מחיה. אָט, אַז איך לייג נאָך צו איצט די האַנט צו דער נאָז, שמעקט נאָך איצט אויך.

ש ל מ ה: טאַקע?

ר ב ק ה: אָט טו אַ שמעק, אַז דו פֿילסט זיך נישט . . .

ש ל מ ה: איך בין טאַקע אַ בעלן. (קריכט אַרונטער און גייט־צו צו זײַן ווײַבס בעט) טאַקע! אויף מײַן וואָרט, אָט אַזוי ווי פֿון הבדלה־בשמים... (לייגט זיך צוריק אויף זײַן בעט.)

ר ב ק ה: אוי, עס איז גאָר נישט אַזוי שלעכט צו קומען צו אַ זון אַן עושר . . . הײַנט די אייניקלעך, שלמה, וואָס זאָגסטו?



ש ל מ ה: גבירישע קינדער, זאָלן געזונט זײַן.

ר ב ק ה: האָסטו שוין אַמאָל געזען אַזעלכע פֿאַרשווינען? אונזערע טײַערע צווייגעלעך. גאָט, זאָלן זיי נאָר וואַקסן ווײַטער אַזוי שיין און ליכטיק, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

ש ל מ ה: עס איז נאָר אַ ווייטיק, וואָס מיר פֿאַרשטייען זיי נישט. שטומע צווייגעלעך פֿאַר אונז. האָדל איז שטום. מרדכילע איז שטום. טאַטעלע איז שטום, און די שנור אונזערע איז אויך שטום.

ר ב ק ה: יאָ, שלמה, דאָס איז ביטער. איך רייד און רייד צו דער שנור און צו זיי, און ווי צו אַ וואַנט! אַזאַ האַרצווייטיק . . .

ש ל מ ה: נאָך גוט וואָס הערשל פֿאַרשטייט אונז.

ר ב ק ה: איז דאָ כאָטש כשר, שלמה?

ש ל מ ה: וואָס הייסט, דו נאַר? זי האָט דאָך אַליין געזאָגט „כשר“. דאָס האָבן מיר דאָך געהערט . . .

ר ב ק ה: אמת, דאָס האָט זי געזאָגט . . .

ש ל מ ה: אַ רבס אַ טאָכטער וועט אונז ניט אָפּנאַרן.

ר ב ק ה: חלילה . . . (ווידער אַ שווייגן.)

ש ל מ ה: דו ווייסט, רבקה, ביי מיר וועלן זיי שוין נישט זײַן שטום. אַמאָל האָב איך געהאַט אַ גוטן קאָפּ. איך וועל זיך אַ נעם טאָן צום אַמעריקאַנישן לשון. שוין פֿון מאָרגן אָן... און דו וועסט זען... דו שלאָפֿסט? (ער טוט אַ דריק דאָס עלעקטרישע לעמפּל ביי דער וואַנט, און עס ווערט פֿינצטער) אײ־אײ־אײ! (הויבט אָן צו מורמלען קריאת־שמע.)

(פֿאָרהאַנג פֿאַלט.)

(סוף פֿון ערשטן אַקט.)

# צווייטער אַקט

די זעלביקע צימערן, וואָס אין דעם ערשטן אַקט. נאָכמיטיק. פון ערגעץ טראָגט זיך אַ מיידלס געזאַנג. מאַרטימער שפּילט זיך מיט אַ פּילקע אין צימער.

(עממאַ קומט אַריין. דער געזאַנג האָט אויפגעהערט.)

ע מ מ אַ: מאַרטימער, פאַרוואָס ביזטו נישט געגאַנגען היינט אין סקול?

מ אַ ר ט י מ ע ר: נישטאָ היינט קיין סקול. קאָלאָמבוס־דעי.

ע מ מ אַ: אָ, יעס, איך האָב פאַרגעסן. און איך האָב געמיינט, אַז דו ביזט היינט אין סקול נישט געגאַנגען צוליב . . . (זי שמייכלט) צוליב די רוסישע געסט . . .

מ אַ ר ט י מ ע ר: עממאַ, זענען זיי נישט פאַני?

ע מ מ אַ: (לאַכט) אַביסעלע, איך האָב רחמנות אויף דיין פּאַפּאַ און מאַמאַ. וואו זענען זיי?

מ אַ ר ט י מ ע ר: אוועקגעפאָרן מיט זיי, קויפן קליידער . . .

ע מ מ אַ: נאָט עי בעד אידיע . . . זאָלן זיי נישט אויסקוקן אַזוי ווילד. די דינסטן לאַכן פון זיי.

מ אַ ר ט י מ ע ר: אפילו אונזער ניגער לאַכט אויך פון זיי. אָ, עממאַ, איך שעם זיך אַזוי מיט זיי. פאַרוואָס זענען זיי געקומען צו אונז? דו ווייסט, ווי זיי רופן מיך? מאַרקעלע! מאַרקעלע! מאַרק, מאַרק, מאַרק . . . עממאַ, דו פאַרשטייסט, וואָס זיי ריידן?

ע מ מ אַ: נישט איין וואָרט! נישט קיין ציוויליזירטע שפּראַכן האָב איך קיינמאָל נישט געלערנט.

מ אַ ר ט י מ ע ר: און מיר האָבן זיך אַזוי געפרייט, וואָס זיי קומען. מיר האָבן געמיינט, אַז זיי זענען ווי גרענדפּאָ שלעזינגער און גרענדמאָ רוט. און פאַרוואָס קושן זיי מיך אַזוי פיל. נעכטן צוויי מאָל און היינט ווידער. זיי



מאַכן מיך ווילד! איך האָב געוויינט פון זייערע קושן און איך האָב געבעטן מאַמאַן, אַז זי זאָל זיי זאָגן, אַז זיי זאָלן מיך מער נישט קושן.

ע מ מ אַ: מיר געפעלט נישט, וואָס זיי קושן טעדין אויך. קושן אים, ווי ווילדע! (דער געזאַנג דערהערט זיך ווידער) ווער זינגט דאָרט ביי אַדעלן אין צימער?

מ אַ ר ט י מ ע ר: עלינאָר. אַדעל גייט מאַכן אַ גרויסע „פּאַרטי".

ע מ מ אַ: ווען?

מ אַ ר ט י מ ע ר: אין דריי וואָכן פון מאָרגן, צו איר געבורטס־טאָג.

ע מ מ אַ: (טוט אַ קוק אויף איר זייגערל אַרום איר האַנט) שוין באַלד פיר. ווען מסתמא באַלד קומען. וואו איז טעדי? מען דאַרף אים איבערטאָן. (רופט) טעדי! (אָפּ. אַדעל מיט אירער אַ פריינדין קומען אַרונטער פון די טרעפּ, גייען־צו צו דער פּיאַנאָ. אַדעל זעצט זיך צו דער פּיאַנאָ און הויבט אָן צו שפּילן. איר פריינדין זינגט. מאַרטימיער גייט אויך־צו צו זיי און זינגט אויך מיט זיי. זיי זינגען אַ פריילעך ליד.)

(שלמה און זשאַפּע קומען אַריין. שלמה אין אַ נייעם גאַרניטור, נייע שיך און מיט אַ נייעם קאַפּעלוש אויפן קאָפּ. אַדעל טוט זיך אַ כאַפּ פון איר אָרט ביי דער פּיאַנאָ און שלעפּט אַרויס פונם צימער איר פריינדין. מאַרטימער דערזעט דעם אויסגעפּוצטן גרינעם זיידן און קוקט אויף אים מיט נייגעריקייט.)

ש ל מ ה: (באַמערקנדיק ווי מאַרטימער קוקט אויף אים, טוט ער אַ גלעט בהרחבהדיק די באָרד און שמייכלט צו אים) נו, מרדכילע, ווי געפעלט דיר איצט דיין זיידע?

ז ש אַ פּ ע: מאַרטימער, הי וואָנטס טו נאָו האַו יו לאַיק הים אין היז ניו קלאָוז?

מ אַ ר ט י מ ע ר: פיין! באָט, פּליז, פּאַפּאַ, טעל הים נאָט טו קיס מי עני מאָר —אַי קענט סטענד איט!

ז ש אַ פּ ע: (לאַכט) הי לאַווס יו. יו שוד אפּרישיעיט דהאַט.

מ אַ ר ט י מ ע ר: אַי קענט, פּאַפּאַ. אַי קענט סטענד איט. אַי וויל אַפּרישיעיט מאָטש מאָר, איף דהעי וואודן קיס מי.

ז ש אַ פּ ע: דאַנט בי פרעש, מאַרטימער!

ש ל מ ה: וואָס זאָגט מרדכילע?

ז ש אַ פּ ע: ער זאָגט, דו זעסט אויס אַללראַיט, ווי אַ ריכטיקער, יו נאָו, אַלטער דזשענטלמאַן . . . כ'מיין — האַו דו יו קאָל דהאַט? — נו, דו זעסט אויס שיין, פיין!

ש ל מ ה: און אַ מתנה, מרדכילע, האָב איך אויך געבראַכט פאַר דיר.

ז ש אַ פּ ע: גרענד־פּאָ סעז, הי באָט עי פּרעזענט פאָר יו . . .

מ אָ ר ט י מ ע ר: אַי דאָנט קער.

ז ש אָ פּ ע: (שטרענג) מאָרטימער, אַי דאָנט לאַיק יור אַנסווער. הי איז יור גרענד־פּאָ.

מ אָ ר ט י מ ע ר: (צוגעגאַנגען צו שלמה) טהענק יו, גרענד־פּאָ פאָר דהי פּרעזענט! (טוט אים אַ קוש די האַנט און אָפּ.)

ז ש אָ פּ ע: ער האָט דיר באַדאַנקט פאָר דער מתנה.

ש ל מ ה: פאַרוואָס עפּעס מיט אַזאַ ברוגזער מינע? עפּעס געפעל איך אים נישט.

ז ש אָ פּ ע: דאָס האָט זיך דיר אויסגעוויזן . . .

ש ל מ ה: ניין, מיין זון, ניין. דיין טאַטע האָט אַ שאַרפן חוש הריח. איך דערשמעק, אַז מרדכילע וויל זיך גאַרנישט מיט מיר מתחתן זיין.

ז ש אָ פּ ע: דאָס איז נישט אמת. איך פאַרזיכער דיר, פּאַפּאַ, אַז ער גלייכט דיך, אַז מיר אַלע גלייכן דיך און די מאַמען.

ש ל מ ה: גלייכן . . . וואָס מיינסטו „גלייכן”?

ז ש אָ פּ ע: איך מיין ליבן. מיר אַלע ליבן דיך און די מאַמען.

ש ל מ ה: הלוואי, מיין זון. און, פאַרקערט, פאַרוואָס זאָלט איר אונז נישט ליבן? מען זאָגט דאָך אַ ווערטל, אַז אַ האַרץ קעגן אַ האַרץ איז ווי אַ זייגער. קלאַפּט איין האַרץ מיט ליבע, קלאַפּט דאָס אַנדערע. און מיר ליבן דאָך אייך אוודאי. פולע הערצער מיט ליבע האָבן מיר דאָך געבראַכט פאַר אייך.

ז ש אָ פּ ע: מיר ווייסן דאָס, פּאַפּאַ.

ש ל מ ה: ניין, ניין, אפשר דו ווייסט עס, אָבער נישט דיינע קינדער. אַז איך וואָלט נישט געווען קיין שטומער; אַז איך וואָלט געקענט רידן מיט זיי, דעמאָלט ערשט וואָלט איך זיי געקענט געבן צו פאַרשטיין, ווי זיי זענען איינגעבאַקן ביי זייער באָבען אינם האַרצן, ביי מיר אינם האַרצן. אָבער איך טו זיך אַ נעם צום ענגליש. נאָך פון היינט אָן. דיין ווייב וועט זיין מיין רביצין. איך האָב שוין מיט איר אַ שמועס געטאָן וועגן דעם. (נעמט אַראָפּ דאָס היטל בלייבט אין יאַרמולקע. בלייבט שטיין פאַרן שפּיגל) אײַ־אײַ־אײַ, זע נאָר, איך דערקען זיך גאַרנישט! הערשל, קום נאָר אַהער! זע נאָר, וואָס פאַר אַ מין שצאָגל דיין טאַטע איז איצט! פּש־פּש־פּש — אײַ־אײַ־אײַ! איך קען מיך אַליין נישט דערקענען. עפּעס גאָר אַ פּריץ. עפּעס אַ גאַנצער יאַ־טעביע־דאַמניק!

ז ש אָ פּ ע: יעס, דו זעסט אויס אָלל־ראַיט.

ש ל מ ה: דאָס קאָסט מסתמא אַ שיינע מטבע, האַ, הערשל?

ז ש אָ פּ ע: אָ, ניין. אַ פּאָר דאָלער. ביליק.



ש ל מ ה: געדענק, הערשל, וואָס איך האָב דיר געזאָגט: איך באַצאָל!

ז ש אָ פּ ע: שור, פּאַפּאַ, דו צאָלסט. אוודאי דו.

ש ל מ ה: פאַר מיר און פאַר דער מאַמען, און פאַר די מתנות, וואָס עס זאָל נישט קאָסטן . . .

ז ש אָ פּ ע: געוויס.

ש ל מ ה: דערווייילע האָב איך דיר היינט ווידער צוריבן אַ טאָג. צוליב מיר ביזטו ניט געגאַנגען אין דיין געשעפט.

ז ש אָ פּ ע: מיין געשעפט גייט אָן מיר. איך האָב גענוג אויגן, וואָס זיי גיבן אַכטונג דאָרט אויף מיין געשעפט.

ש ל מ ה: עפּעס אַ סך נפשות אַרבעטן ביי דיר אין דער פאַבריק?

ז ש אָ פּ ע: עטלעכע הונדערט הענט . . .

ש ל מ ה: וואָס מיינסטו „הענט”?

ז ש אָ פּ ע: איך מיין הענט . . . מענטשן . . . אַרבעטער . . . דרעס . . . איך מיין קליידער־מאַכער.

ש ל מ ה: שניידער?

ז ש אָ פּ ע: נו, יעס.

ש ל מ ה: נו, אַ דאַנק גאָט, אַ דאַנק גאָט. אַבי דו גיסט אַזוי פיל מענטשן אויף חיונה. מסתמא יידן, האַ?

ז ש אָ פּ ע: ווע לל, אָלערליי הענט . . .

ש ל מ ה: נו, אַדאַנק גאָט!

רבקה און מאַד. זשאפּע קומען אַריין. רבקה אין אַ טונקעלן „קעיפּ”, מיט אַ טונקעלן הוט, אַרומגעבונדן מיט בענדער אַרום איר פּנים. זי שמייכלט פאַרשעמט, ווי אַ צניעותדיק קליין־שטעטלדיק מיידל, וואָס באַווייזט זיך צום ערשטן מאָל צווישן באַקאַנטע אין אַ נייעם, שיינעם קלייד. און מאַד. זשאַפּע, וואָס האָט זי אויסגעפּוצט, שיינט ממש פאַר פאַר־געניגן, ווי אַ קינד, וואָס איר האָט זיך איינגעגעבן אויסצופּוצן שיין איר ליאַלקע. זיי ביידע אַריין צו שלמהן אין צימער.

ש ל מ ה: (מיט אויסגעגלאָצטע אויגן קוקט אויף איר, אויף זיין שנור און אויף זיין זון. פּלוצים צולאַכט ער ער זיך הויך אויפן קול) קינדער, וואו האָט איר אַהין געטאָן מיין אַלט ווייב? איר האָט דאָך מיר גאָר גע־בראָכט אַ פּריצהטע! (זשאַפּע דערקלערט אין דער שטיל זיין ווייב, וואָס שלמה האָט געזאָגט, און ביידע צולאַכן זיך.)

מאַד. זשאַפּע: איז שי נאָט סוויט? ענד די פֿאַדהער טו!

שלמה: (פֿאַררוקט בײדע הענט אין די הויזן־קעשענעס און באַ־טראַכט מיט אַ ברייטן שמייכל זיין אַלטע) נו?

רבקה: (מיט אַ פֿאַרשעמט שמייכל) נ! נו!

שלמה: וועט דיר איצט אָנשטיין מיט מיר צו ריידן, רבקה?

רבקה: כ׳ווייס, מירן זיך באַטראַכטן. דו זעסט מיר אויך אויס אַן אַנדערער שלמה . . .

שלמה: טאַקע? (פֿאַררוקט טיפֿער די הענט אין די קעשענעס) מיר זעען דאָך באַלד אויס ווי די אַמאָליקע שלמה און רבקה. אײ־אײ, ווי קליידער מאַכן איבער מענטשן. טראָג געזונטערהייט, רבקה . . .

רבקה: אַ דאַנק, שלמה. דו אויך.

שלמה: (צו זשאַפּען) דו אַמעריקאַנעץ, דו ווילסט מיך בדלות שטעלן? דאָס קאָסט דאָך מסתמא אַ שלל מיט געלט?

זשאַפּע: ביליק.

שלמה: זאָל זיין נישט ביליק. אַ דאגה מיר. אַבי מיר געפֿעלן אייך אין דעם, אַרט מיך נישט, וויפֿיל דאָס וועט מיר קאָסטן. אָבער איך וועל באַצאָלן. (מאַדאַם זשאַפּע האָט דערווײַלע געהאָלפֿן רבקהן זיך אויסטאָן.)

זשאַפּע: געוויס, פּאַפּאַ. (ער דערקלערט אין דער שטיל זיין ווייב וואָס זיין פֿאָטער פֿאַרלאַנגט.)

מאַד. זשאַפּע: (שטיל) איך בין אַזוי גליקלעך, וואָס ער איז אַזאַ פֿיינער כאַראַקטער. ווער וואָלט געזאָגט, אַז אַט דער אומציוויליזירטער אַלטער זאָל זיין אַזוי שטאָלץ און אַזוי פֿיינפֿילנד. אָבער נעם ביי אים עט־לעכע דאָלער. זאָל ער מיינען, אַז ער האָט באַצאָלט. אָך, ווען ער וואָלט געווען אויסערלעך אויך מערער געשליפֿן; ווען ער וואָלט געקענט זיצן ביים טיש, ווי אַ ציוויליזירטער מענטש. אָבער דאָס וועל איך אים אויס־לערנען . . .

זשאַפּע: פּאַפּאַ, דו ווייסט, וואָס דאָס קאָסט? איך מיין אין גאַנצן, מיט דער מאַמעס קליידער.

שלמה: וויפֿיל, מיין זון?

זשאַפּע: פֿינף און דרייסיק דאָלער מיט עפּעס . . .

שלמה: סך־הכל? ס׳איז דאָך עפּעס גאָר אומזיסט!

זשאַפּע: שור . . . איך מיין . . . געוויס . . . ביליק.

שלמה: און וויפֿיל מאַכט עס אויס זלאָטעס?

זשאַפּע: (לאַכנדיק) ביי מיר איז יעדע זלאָטע דיינע אַ דאָלער.



שלמה: הער נאָר, דו, צי נאַרסטו מיך נישט אָפּ?

דזשאַפּע: זאָל מיך גאָט שטראָפֿן, אויב איך נאַר דיך אָפּ.

שלמה: וועל איך נאָך היינט דיר סילוקן דעם חוב.

מאַד. זשאַפּע: (אָנקוקנדיק די אַלטע, שטיל צו איר מאַן) ווען זיי זעען אויס אַזוי בעת זיי זענען אָנגעקומען, וואָלטן די קינדער צו זיי אַנדערע געפֿילן געהאַט.

זשאַפּע: די קינדער וועלן זיך צוגעוואוינען.

רבקה: שלמה, וואו זענען די פּערל?

שלמה: אַ, יאָ. גיב דאָס איר טאַקע איצט. (דערלאַנגט איר אַ שנור פּערל, וואָס ער נעמט אַרויס פֿון אַ קעסטעלע.)

רבקה: (צו מאַדאַם זשאַפּע) מיין טאָכטער, דאָס איז אַ מתנה פֿאַר דיר. די פּערל האָט מיין באָבע מיר געגעבן און דו זאָלסט זיי געבן דיינע אייניקלעך. (זשאַפּע דערקלערט זיין ווייב, וואָס זיין מאַמע האָט געזאָגט.)

מאַד. זשאַפּע: (נעמט די פּערל) אָה, מאַדהער, וואַט אַ ביוטיפֿול פּרעזענט! ענד איט מעיקס מי סאָ העפּפּי, מאַדהער! (דריקט איר ביידע הענט) טהענק יו, מאַדהער, טהענק יו!

זשאַפּע: (גערירט) זי דאַנקט דיר, מאַמע, און איך אויך.

רבקה: איך בין אַזוי צופֿרידן, וואָס דאָס געפֿעלט דיר.

מאַד. זשאַפּע: וועלל, נאַו ווי שעל העוו אַור טהי. (קלינגט אָן. אַ דינסט קומט אַריין) ווי אַר רעדי פֿאַר טהי. ענד קאָל די טשילדרען. (דינסט אָפּ.)

זשאַפּע: (צו שלמהן) מיר גייען טרינקען טיי.

פֿון די טירן קומען אַריין אַדעל, מאָרטימער און טעדי. אַ דינסט פֿירט אַריין אויף אַ וועגעלע טיי, געבעקס און אַנדערע עסנוואַרג. אַלע צעזעצן זיך. אַדעל, מאָרטימער און טעדי אויף איין זייט, זשאַפּע אויף דער אַנדער זייט, לעבן שלמהן און רבקהן. מאַדאַם זשאַפּע העלפֿט סערווירן. פֿאַר שלמהן און רבקהן האָט זי אָנגעשטעלט אַ קליין טישל מיט צוויי גלעזער טיי און מיט קרעקערס, האָט מיט אַ ליבן שמייכל אָנגעבונדן אַ סאַלפֿעטקע, אַפֿריער רבקהן אַרום האַלז און דערנאָך שלמהן. ער קוקט זי אָן פֿאַרוואונדערט. זי טוט אַ וויש מיט די פֿינגער איבער אירן ליפּן, ווייזט אים, הייסט עס, וואָס זי מיינט, און פֿאַר איין וועגס ווייזט זי אים שוין, ווי צו האַלטן דאָס לעפֿעלע, וואָס ער האָט גענומען אין זיין האַנט. דאָס אייגענע לערנט זי רבקהן. שלמה פֿאַרשעמט זיך, טרינקט צוטומלט און רייבט זיך נאָכאַנאַנד די ליפּן

מיט דער סאלפעטקע. רבקה טוט אים נאָך. אַדעל באַמערקט עס, שלינגט זי צוזאַמען מיטן טיי דאָס געלעכטער, וואָס שטיקט זי. און מאַרטימער, וואָס זיצט לעבן איר, ווינקט צו איר פאַרגנבעט מיט די אויגן. און פלוצים צולאַכן זיי זיך ביידע.

ז ש א פ ע: (שטרענג) אַדעל! מאַרטימער! (זיי ווערן שטיל און קוקן אין זייערע גלעזער. טרינקען. ער ווענדט זיך דערנאָך שטיל, מיט אַן אומצופרידענער מינע צו זיין פרוי) יו שוד נאָט העוו דאַן איט. יו בעטער ליוו טהעם עלאָן!

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע: (שטיל) יו וויל סי, ווי גיך זיי וועלן ביי מיר זיך אויסלערנען. זיי זענען נעכט אַזוי געזעסן ביים טיש, אַז איך האָב זיך גע־שעמט פאַר די קינדער. עס איז קיינמאָל נישט צו־שפעט צו לערנען זיך. פור סאָולס, זיי האָבן גאָר קיין דערציאונג נישט געהאַט. מען מוז זיי לערנען, ווי קליינע, אומדערצויגענע קינדער. אין אונזערע סקולס דערציען מיר די גרינע, פאַרוואָס זאָל איך עס נישט טאָן ביי מיר אין דער היים מיט מיינע אייגענע? דאָס איז מיין פליכט. ליוו איט טו מי . . .

ז ש אַ פ ע: לאָז זיי בעסער צורו, בפרט, ווען די קינדער זענען דערביי.

מ אַ ד. ז ש א פ ע: עס מאַכט נישט. זאָלן די קינדער מיר נאָכ־טאָן. נישט פאַראַכטן דאַרף מען זיי, נאָר לערנען. (צו שלמהן) פאַדהער, וואַי דאָנט יו איט דהי קרעקערס? ווהאַי דו ניט עס?

ש ל מ ה: האָ? (טוט זיך אַ וויש די ליפּן מיט דער סאלפעטקע.)

ז ש א פ ע: זי פרעגט, פאַרוואָס בייסטו נישט צו?

ש ל מ ה: אָה, איך האָב גענוג געגעסן. וויפיל דאַרף דאָס אַן עופהלע, אימשייטנס געזאָגט, עסן, איך מיין, אַן אַלטער מאַן? . . . (רייבט זיך דערביי די ליפּן מיט דער סאלפעטקע. רבקה טוט אים נאָך.)

אַ ד ע ל: מאַמאַ, דהער וואָז עי טעלעפאָן פראָם דהי טשאַריטי קאָנפערענץ.

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע: אַי נאָו. טונאַיט אַל בי דהער. דיר יו פיניש דהי בוק?

אַ ד ע ל: יעס, מאַמאַ. ענד אַי לאַיק איט.

מ אַ ד. ז ש א פ ע: אַי וואוד לאַיק טו טאָק טו יו עבאַוט דהיז בוק.

אַ ד ע ל: אָלל־ראַיט, מאַמאַ . . . (מאַדאַם זשאַפּע הויבט זיך אויף פונם טיש. נאָך איר זשאַפּע און די קינדער. רבקה און שלמה הויבן זיך



אויך אויף. די דינסט קומט אַריין, ראַמט אויף פונם טיש די געשיר, וואָס זי שטעלט אויפן וועגל. דער טיש איז אויפגעראַמט. די דינסט אָפּ מיטן וועגל.)

מ א ד. ז ש א פ ע: אַדעל, קאָם, יו וויל טעל מי עבאַוט דהי בוק.

אַ ד ע ל: יעס, מאַמע. (אָפּ מיט מאַדאַם זשאַפּע אויף די טרעפּ. מאַרטימער און טעדי נאָך זיי.)

ז ש א פ ע: (דערלאַנגט אַ סיגאַר שלמהן) וועסט רויכערן אַ סיגאַר, פּאָפּאָ?

ש ל מ ה: (נעמענדיק) אַ דאַנק, הערשל. וואו זענען די מתנות, וואָס איך האָב געקויפט פאַר די קינדער?

ז ש א פ ע: אָה, פאַרגעסן זיי אין מיין קאַר. איך וועל זאָגן, אַז מען זאָל עס אַרויפברענגען. און נאָך עפּעס: איך פאָר איצט צו ביזנעס, וועל איך באַשטעלן פאַר דיר יידישע צייטונגען. איך האָב באַמערקט דאָ נישט ווייט, אויף לעקסינגטאָן עווענוי, אַ סטענד מיט יידישע צייטונגען . . .

ש ל מ ה: אַ יידיש בלאַט? נו, נו, אַדרבה, דאָס וועט זיין פאַר מיר די בעסטע מתנה. אַי־אַי, אפשר וועל איך פון דעם יידישן בלאַט וויסן אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך בין, האָ?

ז ש א פ ע: (מיט אַ שמייכל) וואָס מיינסטו, אויף וואָס פאַר אַ וועלט? דו ביזט אין אַמעריקע, פּאָפּאָ.

ש ל מ ה: נישט דאָס, מיין זון, מיין איך, נישט דאָס . . .

ז ש א פ ע: וואָס דען מיינסטו?

ש ל מ ה: מילא, מיר וועלן וועגן דעם ריידן אַן אַנדערש מאָל, מיין זון.

ז ש א פ ע: אָל־ראַיט. נו, דערווייל גוד־באַי. מאַמע, דו לייג זיך צו אָפּרוען. (אָפּ.)

ש ל מ ה: (אַריין צו זיך אין צימער, רבקה נאָך אים. ער שטעלט זיך אַוועק פאַרן שפּיגל און נעמט אַריין די באָרד אין פויסט) נו, רבקה?

ר ב ק ה: וואָס איז, שלמה?

ש ל מ ה: איך האָב דאָך גאָך די באָרד, און איך האָב ערשט גע־מיינט, אַז . . .

ר ב ק ה: אַז וואָס, שלמה?

ש ל מ ה: אַז איך בין מיט אַמאָל אַן עופהלע געוואָרן, און דו אויך.

ר ב ק ה: (פאַרוואונדערט) וואָס רעדסטו?

ש ל מ ה: (טוט אַ לאַך) איך מיין, וואָס די שנור האָט די ווייסינקע סערוועטקעלעך אַריינגעשפּאַרט די עופהלעך אין די הענטעלעך אַריין און

זיי געוויזן, וואָס צו טאָן דערמיט, אַז די עופהלעך זאָלן זיך, חלילה, נישט פאַרפּאַטשקען. נו, רבקה, האָ?

ר ב ק ה: אָבער, שלמה, זיי זיצן דאָך אַלע מיט סערוועטקעלעך. מיר אַליין האָבן באַדאַרפט האָבן שכל און דאָס טאָן אַן איר. דו קענסט צו זיי גאַרנישט האָבן. זיי זענען זייער גוט צו אונז . . .

ש ל מ ה: אמת, זיי זענען גוט צו אונז, האָבן אונז אויפגענומען מיט גרויס כבוד; אָבער עפּעס נישט דאָס, נישט דאָס . . .

ר ב ק ה: נישט דאָס? וואָס האָסטו געוואָלט?

ש ל מ ה: דו ביסט אַ יידענע, רבקה, דו פאַרשטייסט נישט. דער חוש הריח איז ביי דיר אַביסל פאַרלייגט און טאַקע אַביסל דיין ווייבערשער מוח אויך. נישט דאָס, רבקה, נישט דאָס . . .

ר ב ק ה: וואָס געפעלט דיר נישט, משוגענער?

ש ל מ ה: רבקה, ווען די שנור האָט דאָס אונז געטאָן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך האָב מיט אַמאָל פאַרלוירן די צורת אָדם, דעם פּנים פון אַ מענטשן. און, אַחוץ דעם, דאָס ריידן אויף שטום־לשון, ווייזט מיר אויף די ליפּן, וואָס צו טאָן, ווייזט מיר ווי צו האַלטן דעם גאָפּל . . . און די איניקלעך . . . נישט גוט, רבקה, נישט גוט!

ר ב ק ה: וואָס האָסטו צו אונזערע איניקלעך?

ש ל מ ה: אָט דאָס איז דאָך די מעשה, וואָס דיר פעלט דער חוש הריח. האָסטו געהערט, ווי זיי האָבן ביים טיש געלאַכט פון אונז? זיי האָבן אונז נישט ליב, רבקה!

ר ב ק ה: גיי שוין, גיי, משוגענער. דו ווילסט דאָך נאָר מיר אָפּעסן דאָס האַרץ. פאַרוואָס עפּעס זאָלן זיי אונז נישט ליב האָבן, ווען מיר האָבן זיי אַזוי ליב?

ש ל מ ה: מיר האָבן זיי ליב, און זיי האָבן אונז נישט ליב, רבקה, נישט ליב. זיי אַנטלויפן פון אונז, ווי פון נישט־גוטע.

ר ב ק ה: דיר ווייזט זיך דאָס אויס, שלמה, ווייל מיר פאַרשטייען זיי נישט; ווייל מיר זענען, ברוך השם, שטום . . .

ש ל מ ה: אפשר . . . אפשר ביזטו גערעכט, הלואי, רבונו של עולם. (צולאַכט זיך שטיל.) שטום? מיט אַמאָל שטום געוואָרן! ערשט גאָר נישט לאַנג האָט שלמה געקאָנט ריידן און שכל געגנוג געהאַט און מענטשן זענען געקומען און עצות זיך מיט אים געהאַלטן — און מיט אַמאָל . . . שטום! און זיין שכל אַנגעוואָוירן, אַפילו ווי צו עסן לערנט מען אים! און ער קוקט און פאַרשטייט נישט! און ער הערט און פאַרשטייט נישט! און ער רעדט



און מען פאַרשטייט אים נישט — אַן אַנדער שלמה, אין אַ פרעמדער וועלט! און וואו? ביי זיין אייגענעם זון, ביי זיין בן־יחיד!

ר ב ק ה: אַז דו וועסט זיך אי״ה אויסלערנען זייער לשון, וועט זיין אַנדערש.

ש ל מ ה: זייער לשון וועל איך זיך שוין אויסלערנען. איך וועל זיך מוזן אַ נעם טאָן צו זייער לשון.די קשיא איז אָבער: פאַרוואָס זאָלן זיי נישט קענען דעם לשון פון זייער זיידן, דעם יידישן לשון? ס׳טייטש, זי איז דאָך אַ טאָכטער און זיי זענען דאָך איניקלעך פון אַ רב? מילא, איז נישט וואָשן זיך, איז נישט בענטשן, איז נישט דאַוונען, עסט מען אַן היטלען, אָבער אַ יידיש וואָרט כאָטש . . . וואָרט, לאָמיך אויף גיך זיך אויסלערנען זייער לשון, זיי וועלן שוין ביי מיר ווערן יידן — טאַטעלע און אפשר מרדכילע אויך. לאָמיך נאָר קענען זיך צונויפריידן מיט זיי. און איך וועל איה״ש קענען. מיין מוח קען נאָך עפּעס באַנעמען. אַחוץ אַ בלאַט גמרא אויך. אי וואָס עס איז נישט אַזוי געשמאַק פאַר אַ יידן מיט אַ ווייסער באָרד צו פילן זיך, אַז ער איז אַן עופהלע, וואָס עס דאַרף אָנהויבן ערשט זיך צו לערנען ריידן? מילא, ווי זאָגט די גמרא: „לא הבישן למד״, דער, וואָס שעמט זיך, וועט קיינמאָל נישט לערנען. בפרט, ווען איך וויל נישט, אַז די צווייגעלעך, וואָס זיי האָבן אַרויסגעשפּראָצט פון מיר, זאָלן בלייבן אויף תמיד אָפּגעריסן פון מיר.

ר ב ק ה: שלמה, לערן זיך אויס וואָס גיכער זייער לשון, וועסטו זיי קענען דערציילן, ווי דו האָסט זיי ליב און ווי איך האָב זיי ליב, וועלן זיי אונז אויך מער ליב האָבן.

ש ל מ ה: מילא. (נעמט אַרויס אַ ספר פון אַ שאַפע, וואָס שטייט דאָרט און זעצט זיך צום טישל, קוקט אַריין אין ספר און צוזינגט זיך האַרציק מיט אַ גמרא ניגון.)

(מאַדאַם זשאַפּע קומט אַריין מיט אַ העפט פּאַפּיר אין דער האַנט און מיט אַ בליי־פעדער.)

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: פאָדהער, ענד יו, מאָדהער, סו, ענגליש! (לייגט אַוועק דאָס פּאַפּיר און בליי־פעדער אויפן טיש.)

ש ל מ ה: דעם אוראַק געקומען מיר געבן? אַ דאַנק. אַ וואוילע שנור. (פאַרמאַכט דעם ספר.)

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: (מיט אַ ליבן שמייכל) ענגליש, ענגליש, פאַרשטאַנדן?

ש ל מ ה: נו, יאָ, נו, אַן ענגלישן אוראַק. אוודאי. אוודאי, איך פאַרשטיי. אפשר, טאַכטער מיינע, דערפאַר ווייל דו לערנסט מיך ענגליש, זאָל איך דיך לערנען יידיש? כ'לעבן, עס וואָלט גאָר קיין עוולה נישט געווען, אַז דו זאָלסט קענען אַ יידיש וואָרט, האַ?

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע: (טוט אים אַ גלעט איבערן אַקסל) וועלל, פוירסט דו ענגליש, פאַדהער. דו טעיק דהי פעיפער ענד שרייבן . . .

ש ל מ ה: אַה־אַה, טאַכטערל, איך פאַרשטיי. פאַרשרייבן אויף פאַפיר וואָס דו וועסט מיך לערנען, און איך זאָל עס דערנאָך איינחזרן. (ווייזט אויף זיין שטערן) איך האָב אַמאָל געהאַט אַ גוטן קאָפּ, טאַכטערל.

מ אַ ד. ז ש א פ ע: יעס, יעס, פאַפאַ. (זעצט זיך אויך ביים טיש) דו, פאַדהער, דו הער . . .

ש ל מ ה: (מיט אַ גמרא־ניגון) איך הער, איך הער . . . וואָרט, לאָמיר דאָס מאַכן מיט אַ טאַלק. מיר וועלן אַפריער מאַכן אַ ווירעלע, אָט אַזוי . . . אויף דער זייט ענגליש און אויף דער זייט — יידיש . . . איך האָב האַלד אַלץ מיט אַ טאַלק און מיט שכל. נו, טאַכטערל, הויב אָן . . . מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל — וואָס די צייט קען אויפטאָן, קען דער שכל נישט אויפטאָן. על פי שכל, דאכט זיך, האָב איך נישט געדאַרפט גיין אין חדר צו אַן יידענע. וואָס זאָגסטו, רבקה, האַ?

מ אַ ד. ז ש א פ ע: (אויסשטעלנדיק צו אים אירן אַ פינגער) פינגער, הע, פאַדהער?

ש ל מ ה: נו, אוודאי אַ פינגער. וואָס איז מיט דיין פינגער?

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע: אין ענגליש „פינגער", פינגער.

ש ל מ ה: אַה, דאָס מיינסטו? אַז אַ פינגער איז אויף ענגליש אויך אַ פינגער? הערסטו, איז דאָך דאָס עפּעס גאָר קיין מעשה נישט? פאַרשרייבן מיר: „פינגער בלשון ענגליש גם כן פינגער". (שרייבט).

מ אַ ד. ז ש א פ ע: (שטעקט אויס צו אים אַ האַנט) ענד דהאַט?

ש ל מ ה: אַ האַנט.

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע: אין ענגליש „הענט".

ש ל מ ה: אַזוי? הענט? האַנט הייסט עס איז „הענט". אַ האַנט, נאָר מיט אַ סעגל. פאַרשרייבן מיר: „האַנט בלשון ענגליש גם כן האַנט בסעגל".

מ א ד. ז ש אַ פ ע: (ווייזט אים אויף איר אויג) ענד דהאַט?

ש ל מ ה: אויג.

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע: אַי.

ש ל מ ה: וואָס „אַי"?



מ אַ ד. ז ש א פ ע: אַי! אַי!

ש ל מ ה: אַה, אַן אויג איז „אַי"?

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע: אין ענגליש „אַי", פאַדהער!

ש ל מ ה: אַ לשון! ביי אונז אַז מען שלאָגט אויס אַן אויג, איז אַי, און דאָ איז אַ געזונט אויג אויך אַי! מילא, דאָס איז דאָך שוין גאָר גרינג צו געדענקען. וואָס פאַר אַ ייד קען עפּעס אַזאַ וואָרט, ווי „אַי", פאַרגעסן מיטן „אַי", טאַכטער מיינע, זענען מיר, יידן, דאָך געבוירן געוואָרן! פאַרשרייבן מיר: „אויג בלשון ענגליש איז „אַי". אַי, נו, רבונו של עולם! (זיפצט.)

מ אַ ד. ז ש א פ ע: (ווייזט אויף איר נאָז) נאָז? אין ענגליש „נאָאָס".

ש ל מ ה: אַזוי? „נאָז אין ענגליש גם כן נאָס".

(אַ דינסט קומט אַריין.)

ד י נ ס ט: מעדעם, יו אַר וואָנטעד טו דהי טעלעפאָן! (אָפּ.)

מ אַ ד. ז ש א פ ע: פאַדהער, אַי . . .

ש ל מ ה: אויג, יאָ, יאָ . . .

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע: (צולאַכט זיך) נאָ, אַי דאָנט מאַין דהאַט . . . טומאָראָ — מאָרגן — מאָרגן ענגליש. מאָרגן אַ האָול שטונדע. פאַרשטאַנדן? (אָפּ.)

ש ל מ ה: רבקה, וואָס האָט זי געזאָגט?

ר ב ק ה: איך ווייס נישט; אָבער זי איז אַ דימענט. אַה, שלמה, דער מוח שפּאַלט זיך מיר.

ש ל מ ה: דער קאָפּ טוט דיר וויי?

ר ב ק ה: יאָ, פון די שווערע ווערטער.

ש ל מ ה: פון וועלכע שווערע ווערטער?

ר ב ק ה: אָט פון די, וואָס זי האָט אונז געלערנט.

ש ל מ ה: (קוקט זי אָן פאַרוואונדערט) וואָס האָסטו צו טאָן מיט די ענגלישע ווערטער?

ר ב ק ה: איך וויל זיך אויך אויסלערנען צו פאַרשטיין זייער לשון.

ש ל מ ה: (צולאַכט זיך) יידענע דו, איבער זעכציק יאָר האָסטו אָפּגעלעבט אין רוסלאַנד און דו האָסט זיך נישט געקענט אויסלערנען קיין רוסיש, ווילסטו איצט, אויף די עלטערע יאָרן, זיך אויסלערנען אַזאַ לשון ווי ענגליש?

ר ב ק ה: (רחמנותדיק) איך וויל דאָך אָבער, אַז מיינע אייניקלעך זאָלן מיך פאַרשטיין און איך זאָל זיי פאַרשטיין, ווייל איז צו מיר!

ש ל מ ה: זיי נישט קיין יידענע. איך וועל פאַר דיר רײדן מיט

זיי. איך וועל זיך גיך אויסלערנען זייער לשון. (הויבט אָן צו לויפן איבערן צימער מיטן העפט און חזרט מיט אַ גמרא־ניגון) פינגער בלשון ענגליש גם כן פינגער — האַנט בלשון ענגליש גם כן האַנט בסעגל. אויג בלשון ענגליש — אײַ! נאָז בלשון ענגליש גם כן נאָז! . . .

(אַ דינסט ברענגט אַרײַן צו זיי אין צימער די מתנות וואָס זיי האָבן געקויפט פאַר די אייניקלעך, סוס אַ קוק מיט אַ שפּאַסישן שמייכל אויף שלמהן און רבקהן. און אָפּ.)

ר ב ק ה: דאָס זענען די מתנות פאַר די קינדער?

ש ל מ ה: יאָ.

ר ב ק ה: וואו זענען די קינדערלעך? געדאַרפט זיי אָפּגעבן.

(אַדעל קומט אַרײַן.)

אַ ד ע ל: (מיט אַ געצוואונגענעם ליבן שמייכל) גרענד־פּאַ, עי דזשור־איש מען וואָנטס טו סי יו. פּאָפּאַ העז סענט הים . . .

ש ל מ ה: (קוקט אויף איר און רבקהן מיט אַן אומבאַהאָלפענער מינע) וואָס זאָגט זי, האַ? איך פאַרשטיי דיך נישט, האָדעלע. (ווײַזט אויף זײַנע ליפּן) שטום! . . .

אַ ד צ ל: (שאָקלט דעם קאָפּ מיט אַ ליבן שמייכל) אײַ דאָנט אַנדער־סטענד יו, גרענד־פּאָ.

ר ב ק ה: האָדעלע, ער האָט זיך שוין גענומען היינט לערנען ענגע־ליש. דיין זיידע האָט אַ גוטן קאָפּ, ער וועט זיך גיך אויסלערנען. שלמה, גיב איר די מתנה.

אַ ד ע ל (צו רבקהן) אײַ דאָנט אַנדערסטענד יו, גרענד־מאַ! (צו שלמהן) יו סי, גרענד־פּאַ, עי מען (באַמיט זיך דערביי אים צו דערקלערן מיט צייכנס) בראָט ניוספּעיפּערס . . . פּאָפּע סענט הים . . . קאָם, הי איז וועיטענג דהער . . .

ש ל מ ה: און אַז דו וועסט צו מיר ריידן ביז מאָרגן, וואָס וועט זיין די פּעולה, האַ?

אַ ד ע ל: (טוט אים פּלוצים אַ כאַפּ ביים אָרעם) קאָם! (ווינקט צו אים, ער זאָל מיט איר גיין, און שלעפּט אים.)

ש ל מ ה: וואוהין שלעפּסטו מיך? (גייט מיט איר.)

ר ב ק ה: גיי מיט איר, שלמה. זע, וואָס זי וויל. (שלמה אָפּ מיט אַדעל. רבקה גייט צו צום טיש, וואו עס ליגט שלמהס העפט מיט די פאַר־שריבענע ענגלישע ווערטער, טוט אָן אירע ברילן און הויבט אָן צו לייענען אויך מיט אַ גמרא־ניגון, ווי שלמה) פינגער ביי־ב־־לשון ענ־ענ־ענ־גע־ג־ליש



ג־ג־ג . . . — ווי מאַכט עס? גימל און שלאָס־מעם און כאַף און לאַנגער נון און פינגער. דער טייטש, מסתמא, אַז פינגער איז אויף ענגליש אויך פינגער. (דריקט זיך דעם שטערן, שאָקלט זיך און חזרט מיט אַ גמרא־ניגון) וואָס ביי אונז איז פינגער, איז ביי מיינע אייניקלעך אויך פינגער. פינגער ביי אונז איז ביי זיי אויך פינגער. (לייענט ווייטער) ה־ה־א־אַנט ביי־ביי־לשון ע־ענג־עליש, און ווידער גימל און שלאָס־מעם און לאַנגער נון און נאָך אַ וואָרט, און . . . און האַ־אַנט ביי־ביי־סעגל . . . דער טייטש דערפון . . . וואָס איז דער טייטש דערפון? וואָס ביי אונז איז אַ האַנט, איז ביי מיינע אייניקלעך, וואָס? דאָ קען איך שוין נישט אַרויסקריכן! . . . (שלמה מיט עטלעכע יידישע צייטונגען און איזי, אַ פאַרמרהשחורהטער ייד, קומען אַרײַן. רבקה לייגט אויף גיך אַוועק דעם העפט אויפן טיש און טוט אויס די ברילן.)

ש ל מ ה: (צופרידן) זייער שיין, זייער שיין. איצט וועל איך קענען וויסן, וואָס עס טוט זיך אויף דער ווייסער וועלט. וואָס זאָגסטו, רבקה, הערשל האָט צוגעשיקט יידישע בלעטער פאַר מיר. אײַ־אײַ, זע נאָר, וואָס פאַר אַ גרויסע יידישע בלעטער!

ר ב ק ה: אַ וואוילער זון, אונזער הערשל. אַ דאַנק גאָט, שלמה.

ש ל מ ה: סטייטש אַ וואוילער. (צום יידן) גייען אַרויס אָט די בלע־טער יעדן טאָג?

א י ז י: יעדער טאָג, דריי סענט אַ פּעיפּער.

ש ל מ ה: דריי סענט. וואָס?

א י ז י: שור, אַמאָל פלעג איך צאָלן איין סענט אַ פּעיפּער.

ש ל מ ה: וואָס רעדט איר, רבי קרוב?

א י ז י: שור, מיסטער. איך פלעג צאָלן איין סענט אַ פּעיפּער.

ש ל מ ה: רבי קרוב, רעדט מיט מיר יידיש, אַז איך זאָל אייך קענען פאַרשטיין קלאָר.

א י ז י: שור, מיסטער, שור.

ש ל מ ה: האַ?

א י ז י: אוודאי וועל איך מיט זיי ריידן יידיש. דערפאַר האָט דאָך זייער זון מיך געשיקט צו זיי, ווייל זיי זענען אַ גרינער. אפשר ווילן זיי איצט נעמען אַ וואָק?

ש ל מ ה: וואָס נעמען?

א י ז י: אַ וואָק. אפשר ווילן זיי צוגיין צום פּאַרק, אָדער אפשר גאָר צו אַ „מואווי"? . . .

ש ל מ ה: איך פאַרשטיי אייך נישט, רבי ייד. וואָס ווילט איר? וואָס האָט אייך מיין זון געזאָגט?

א י ז י: ער האָט מיך געשיקט צו זיי מיט אַ פּיפּער און איך זאָל זיי וואַטשן . . .

ש ל מ ה: דו פאַרשטייסט, רבקה, וואָס דער ייד רעדט?

א י ז י: אָי, מיסטער, מיסטער, איך רייד דאָך מיט זיי פלעין ייִדיש, פאַרוואָס פאַרשטייען זיי נישט? זייער זון רופט מיך אַריין אין אָפיס. „איזי — זאָגט ער — איך האָב פאַר דיר אַ נייעם דזשאָב. מיין פּאַפּאַ, יו נאָו, איז געקומען פון יוראָפּ, זענען זיי, יו נאָו, אַ גרינער און דו ביזט דאָך אַן אַמעריקאַנער, ווייל איך, אַז דו זאָלסט זיי אָטענדן, יו נאָו, דאָס הייסט, זיין מיט זיי; ריידן פאַר זיי ענגליש, יו נאָו, נעמען זיי אויף אַ וואָק, שפּאַצירן; וויזן זיי, וואו דער פּאַרק איז; וואו אַ בית מדרש איז; גיין פאַר זיי אַ גאַנג; אַמאָל אין טרייעאַטער מיט זיי גיין, צ יאָין אַ מואַווי, יו נאָו.״ האָט מיר געגעבן געלט און מיר געזאָגט: „קויף אַלע ייִדישע פּיפּערס און פיר זיי אָפּ צו מיין פּאַפּאַן און בלייב דאָרטן מיט זיי און אָטענדע זיי, יו נאָו״.

ש ל מ ה: (גלעט זיך די באָרד) אָה, אַזוי? איך שטויס זיך אַביסל אָן! הייסט עס, ער האָט אייך געשיקט צו מיר, אַז איר זאָלט מיר באַהילפיק זיין.

א י ז י: שור, שור, אָט דאָס, וואָס איך מיין. אָטענדן אייך.

ש ל מ ה: היות ווי איך בין, ברוך השם, דאָ אַ שטומער, זאָלט איר דערווייל, הייסט עס, מיין לשון זיין, ביז איך וועל אָנהויבן צו טאַלפּעטשן אויף ענגליש אַליין.

א י ז י: יאָ, יאָ, מיסטער, יאָ!

ש ל מ ה: און היות ווי איך בין דאָ אַ פרעמדער און ווייס נישט וואוהין צו גיין, זאָלט איר זיין מיין וועגווייזער. דאָס מיינט איר, רבי ייד?

א י ז י: יאָ, יאָ, אָט דאָס, אָט דאָס, שור!

ש ל מ ה: אויב אַזוי איז אַ גרויסער יישר כוח מיין זון. דו פאַרשטייסט, רבקה, אָנגעשטעלט אַ מענטשן, כדי מיר זאָלן נישט זיין עלנט.

ר ב ק ה (מיט הרחבה) מיר האָבן אַ טייערן זון, שלמה, געלויבט און געדאַנקט זאָל זיין גאָט!

ש ל מ ה: אמת, אמת. ווי אַזוי־זשע הייסט איר, רבי ייד?

א י ז י: איזי.

ש ל מ ה: ווי?

א י ז י: איזי. אין דער היים האָט מען מיך גערופן איצע און דאָ איזי.

ש ל מ ה: וואָס הייסט, איר פאַרבייט אַ נאָמען פון די הייליקע אָבות אויף אַזאַ . . . ווי זאָגט איר, איזע?



א י ז י: איזי, איזי, שור. מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק, אַז איך בין געקומען קיין אַמעריקע, האָט מען מיך גענומען רופן „איזי״, יו נאָו, אין שאָפּ, יו נאָו, פון דעמאָלט אָן בין איך געבליבן איזי.

ש ל מ ה: און אַז מען רופט אייך אויף עולה לתורה זיין?

א י ז י: וואָס? עולה לתורה זיין? איר מיינט צו אַן עליה אין שול?

ש ל מ ה: נו, יאָ, יאָ, דאָס מיין איך.

א י ז י: ווער האָט עס געלט צו ספּענדן אויף דעם?

ש ל מ ה: האָ?

א י ז י: ביי אונז אין אַמעריקע קריגט מען נישט קיין עליות אומזיסט, ווי אין מיין שטעטל, אין יוראָפּ. דאָ קאָסט עס געלט. וואָלט איך געווען, יו נאָו, אַ רייכער ייד, איז — ווי זאָגט מען אין אַמעריקע — „טו העל די פאַר דאָללאַר!״ אַזוי אָבער — לעבט מען אָן עליות?

ש ל מ ה: האָט איר קיינמאָל גאָר נישט עולה לתורה געווען, זינט איר זייט אין אַמעריקע?

א י ז י: איין מאָל. מיט עטלעכע יאָר צוריק. איך בין אַריין, יו נאָו, דאַווענען אין בית המדרש אין מיין נעיבאָרהוד, האָב איך דאָרטן געכאַפּט אַן אומזיסטע עליה צו דער תוכחה, יו נאָו . . .

ש ל מ ה: אַזוי, אַזוי, מילא. ווי קומט איר צו מיין זון?

א י ז י: איך בין אַ וואַטשמאַן ביי אים אינם שאָפּ. ער האָט דריי וואַטשלייט. אויף יעדן פלאָר איינעם, בין איך איינער פון זיי, יו נאָו.

ש ל מ ה: רבי ייד, איך פאַרשטיי נישט, וואָס איר רעדט.

א י ז י: וואָס איז, איך רייד דאָך מיט זיי, דאַכט זיך, פלעין ייִדעש?

ש ל מ ה: איר זייט פון פלעין? וואו ליגט די געגנט?

א י ז י: האָ? גאָט מיינער, זיי פאַרשטייען נישט קיין ייִדעש, וואָס?

ש ל מ ה: איר זעט דאָך, אַז איך פאַרשטיי נישט. איך בין נישט פון פלעין — איך האָב קיינמאָל נישט געהערט פון אַזאַ געגנט. רעדט אַ ייִדיש, אַז איך זאָל אייך פאַרשטיין. איר אַרבעט ביי מיין זון?

א י ז י: איך האָב דאָך זיי געזאָגט: איך וואַטש ביי אים דעם שאָפּ ביינאַכט. איך וואַטש די ביזנעס ביי זיי . . . נו, אַ שומר ביי זיי. היט, אַז גנבים זאָלן זיך נישט אַריינכאַפּן, עס זאָל נישט זיין קיין פייער, קיין שריפה. דאַכט זיך, פלעין ייִדעש, פאַרוואָס פאַרשטייען זיי נישט?

ש ל מ ה: אָה, אָה, האָט קיין פאַראיבל נישט. איצטער פאַרשטיי איך שוין. איר זייט, הייסט עס, אַ שומר ביי אים אין דער פאַבריק.

א י ז י: שור, שור, דאָס מיין איך.

ש ל מ ה: שוין לאַנג, רבי איצע? איך וועל אייך רופן, „רבי איצע״.

א י ז י: אַ דאגה מיר, זיי קענען מיר רופן ווי זיי ווילן: איזי, איצע, רבי איצע, אפילו רבי קנאַקניסל, אַבי פרנסה. און זיי הייסן אויך מיסטער זשאָפע, ווי זייער זון?

ש ל מ ה: איך הייס רבי שלמה יאַפע.

א י ז י: אין יוראָפּ. און ווי ווען זיי הייסן דאָ?

ש ל מ ה: שלמה יאַפע דאָ, שלמה יאַפע דאָרטן און שלמה יאַפע נאָכן טויט. איז ווי לאַנג פאַרט זייט איר ביי מיין זון?

א י ז י: שוין אַ פּאָר יאָר, זינט די הענט האָבן ביי מיר גענומען טרייסלען . . .

ש ל מ ה: וואָס הייסט טרייסלען?

א י ז י: איך האָב פריער געאַרבעט אין אַ שאָפּ ביי בעיבי קלאָוקס, דאָס הייסט ביי קינדערשע מענטעלעך. ווער איך מיט אַמאָל קראַנק, יו נאָו. און אַז איך בין געזונט געוואָרן און איך בין געגאַנגען צוריק אין שאָפּ, כאַפּ איך זיך, אַז איך האָב פאַרלוירן די הענט. דאָס הייסט, די הענט האָב איך נים פאַרלוירן, חלילה, נאָר זיי אַרבעטן נישט. נעם איך אַ שטיקל אַרבעט אין האַנט אַריין, איז טשאַק־טשאַק־טשאַק — טרייסלען זיך ווי פון אַ קדחת, יו נאָו! האָב איך געמוזט זוכן אַן אַנדער דזשאָב און איך בין געגאַנגען צו די טשאַריטיס, זיי זאָלן מיר העלפן. האָט מיסעס דזשאָפע דאָרט מיך איינ־מאָל געזען, דאָס הייסט, זייער זונס מאַדאַם. און איך האָב זיי דערציילט מיין גאַנצן „טראָבל", האָבן זיי מיך געשיקט צו זייער מאַן, דאָס הייסט צו מיס־טער זשאָפען. און זיי האָבן מיר געגעבן דעם דזשאָב פון אַ וואָטשמאַן ביי זיי אין שאָפּ. יו נאָו . . .

ש ל מ ה: עפּעס פאַרשטיי איך, נאָר אַ האַרבע שטיקל מהרשא וואָלט מיר גרינגער געווען צו פאַרשטיין. אַבער מילא . . .

ר ב ק ה: זאָגט נאָר, רבי איצע. איר האָט דאָ אייניקלעך אויך?

א י ז י: אוודאי. ווי דען? אייניקלעך פון זין, פון טעכטער.

ר ב ק ה: און זיי זענען דאָך איך מסתמא טייער?

א י ז י: שור, אוודאי, אייגענע בלוט.

ר ב ק ה: רעדט איר מיט זיי? זיי מיט איך? פאַרשטייט איר, וואָס זיי רידן?

א י ז י: שור, אוודאי.

ר ב ק ה: ענגעליש?

א י ז י: שור, אוודאי, ענגעליש. איך ריד ענגעליש, טהענק גאָט, אָלל־ראַיט, לאַיק וואָטער.



ר ב ק ה: (מיט אַ זיפץ) און מיר האָבן אויך אייניקלעך, שיינע אייניקלעך, נאָר . . . (רוקט זיך צו צום טיש און טוט אָן די ברילן, נעמט דעם העפט און קוקט אין אים אַריין און לייענט מיט די ליפּן.)

ש ל מ ה: וואָס הייסט, אייערע קינדער רידן אויך נישט קיין יידעש? איך האָב דאָך געמיינט, אַז נאָר גבירשע קינדער רידן נישט קיין יידעש.

א י ז י: וואָס פאַר אַ קינד רעדט דאָס יידעש אין אַמעריקע?

ש ל מ ה: און אין חדר?

א י ז י: אַי, ר' שלמה, דאָ איז נישט יוראָפּ, יו נאָו!

ש ל מ ה: אַזוי, אַזוי, נו, מילא! (נעמט פאַנאַנדער אַ צייטונג און לייענט) „אַן אינ־דזשאַנק־שאַן קעגן די פּיקעטס פון דער פאַריער יוניאַן" — וואָס איז דאָס?

א י ז י: איר פאַרשטייט נישט? דאָס איז דאָך יידיש. אַן אינ־דזשאַנקשאַן קעגן די פּיקעטס פון דער פאַריער יוניע, אַז זיי זאָלן, יו נאָו, נישט פּיקעטן ביים שאָפּ, וואו מען סטרייקט.

ש ל מ ה: רבי יצחק, וואָס פאַר אַ לשון רעדט איר?

א י ז י: אַי, מיסטער, נישט איך האָב כוח און נישט איך בין אַזוי קלוג אייך דאָס צו געבן צו פאַרשטיין! דער טראָבל איז, יו נאָו, וואָס מיט גרינע איז שווער צו רידן. איר זאָלט מיר עקסיוזן, רבי שלמה. איר זייט קיינמאָל קיין יוניע־מאַן נישט געווען, דערפאַר ווייסט איר נישט, וואָס דאָס איז.

ש ל מ ה: (קוקט אַריין ווייטער אין דער צייטונג. צו זיין אַלטער) ווילסט הערן, רבקה? (לייענט) „נעגער געלינטשט פאַר טרייען צו דער־מאָרדן אַ ווייסן". דו פאַרשטייסט, וואָס דאָס איז?

ר ב ק ה: וואָס מיינט דאָס, שלמה?

ש ל מ ה: דאָס מיינט, רבקה, אַז מיר ווען מוזן האָבן נאָך אַ רבין אויף אויסצולערנען זיך לייענען אַ יידיש בלאַט.

א י ז י: דאָס פאַרשטייט איר אויך נישט, רבי שלמה? מען האָט געלינטשט אַ נעגער, ווייל ער האָט געטרייעט צו דערמאָרדן אַ ווייסן. דאָס איז דאָך שוין גאָר פּלעינער יידעש?

ש ל מ ה: (גוטמוטיק) איר האָט מיר פאַרטייטשט. ווייס איך שוין. איר וואָלט געקענט זיין אַן אויסגעצייכנטער מלמד, רבי יצחק:

ר ב ק ה: שלמה, רבי יצחק קען דאָך רידן ענגעליש גוט, זאָל ער אַריינרופן די קינדער און מיר ווען זיי אָפּגעבן די מתנות.

ש ל מ ה: דו ווילסט זיי געבן איצט די מתנות? אויך רעכט. רבי

יצחק, זייט אַזוי גוט און רופּט אַריין אונזערע אייניקלעך און זאָגט זיי, אַז מיר האָבן מתנות פאַר זיי. אַנו, ווייזט ווי איר קענט ענגליש.

א י ז י: וואו זענען זיי?

ש ל מ ה: גייט־צו, זייט מוחל, צו יענער טיר און טוט אַ רוף: האָ־דעל, מרדכילע און טאַטעלע!

א י ז י: (גייט־צו צו דער טיר און רופט) האָדעל! מרדכילע! טאַטעלע! (אַדעל קומט אַריין מיט איר שמייכל.)

אַ ד ע ל: אַר יו קאָלינג מי?

א י ז י: דהי גרינהאָרן וואָנטשע . . .

אַ ד ע ל: ווהאָט?

ש ל מ ה: (צוגעגאַנגען צו איר און נעמט זי אַן פאַר אַ האַנט) קום אַהער, מיין קינד, איך האָב פאַר דיר אַ מתנהלע (נעמט אַרויס אַ געשטריקטן טייערן האַנט־טאַש און דערלאַנגט איר) פאַרניץ געזונטערהייט, מיין קינד.

אַ ד ע ל: איז איט פאָר מי?

ש ל מ ה: איך פאַרשטיי נישט. זאָגט איר, רבי יצחק, רבי אַמעריקאַנער, אַז דאָס איז אַ מתנה פונם זיידן.

ר ב ק ה: (טוט זיך אַ כאַפּ) און פון דער באָבן. אַ מתנה פון דעם זיידן און פון דער באָבן, זאָגט איר, רבי יצחק.

א י ז י: דאָס איז אַ פּרעזענט פראָם הים און פראָם האָר פאָר יו.

אַ ד ע ל: אָה, וועריי נייס. טהענק יו, גרענד־פּאַ.

א י ז י: זי דאַנקט זיי, רבי שלמה.

ש ל מ ה: צו דיין חתונה וועל איך דיר געבן נאָך שענערע מתנות, מיין קינד. פאַרטייטשט דאָס איר, רבי אַמעריקאַנער.

א י ז י: הי סעז, טהאָט טו יור מערידזש הי וויל גיוו יו מאָטש בעטער פּרעזענטן נאָך!

אַ ד ע ל: (מיט איר ליבן שמייכל) אַי דידנ׳ט געט יו, מיסטער. אַי דאָנ׳ט אַנדערסטענד . . .

א י ז י: ווהאַי? אַי ספּיק ענגליש אָלל־ראַיט! (אַדעל צולאַכט זיך.)

ר ב ק ה: (צוגעגאַנגען) האָט איר איר געזאָגט, אַז די מתנה איז פון מיר אויך?

א י ז י: שור, שור, איר האָט דאָך געהערט? פראָם הים און פראָם האָר טו — האָב איך איר געזאָגט.

ר ב ק ה: (צו אַדעלן) געפעלט דיר די מתנה, האָדל? אַי, גוואַלד, די זון איז דאָך נישט אַזוי שיין ווי דו! אַז איך וואָלט דיר געקענט אָפּגעבן מיין האַרץ, קינד מיינס. (טוט זי מיט אַמאָל אַ כאַפּ און קושט זי.)



אַ ד ע ל: (ווידער צוטומלט פון אירע קושן) מאַי גאָד! (באַהערשט זיך אָבער באַלד ווידער און שמייכלט.)

ש ל מ ה: זאָגט איר, זייט מוחל, אַז זי זאָל אַ רוף טאָן מרדכילען און טאַטעלען.

א י ז י: הי וואָנטס מרדכילע און טאַטעלען. קאָלל דעם, מיס, קאָלל דעם!

אַ ד ע ל: (מיט אַ שמייכל) אַי סי! (רופט מיט אַ שמייכל) מאַר־קעלע! טהעדי! (מאַרטימער מיט אַ ווייס הינטל אונטערן אָרעם.)

מ אַ ר ט י מ ע ר: אַר יו קאָללינג מאַרקעלע?

אַ ד ע ל: יעס, גרענד־פּאַ העז עי פּרעזענט פאַר יו, מאַרקעלע.

מ אַ ר ט י מ ע ר: אַי דאָנ׳ט וואָנט היז פּרעזענט.

אַ ד ע ל: מאַרטימער, דאָנ׳ט אינסאָלט הים, טהעיק דהי פּרעזענט. (טהעדי קומט אַריין, שלעפּנדיק אַ קאַץ ביים האַלז־באַנד, וואָס זי טראָגט.)

מ אַ ר ט י מ ע ר: דהעי מעי קיס מי, אַי עם עפרעיד.

ש ל מ ה (צוגעגאַנגען צו מאַרטימערן מיט אַ קאַמערע) דאָס איז פאַר דיר, שגץ, אַ מתנה.

ר ב ק ה: פון דיין זיידן און פון דיין באָבן, מרדכילע. (לאָזט זיך אויך צו אים גיין.)

מ אַ ר ט י מ ע ר: טהענק יו (נעמט די קאַמערע, שלמה וויל אים אַ גלעט טאָן איבערן קאָפּ. מאַרטימער גיט זיך אַ צאַפּל.) ביוועאַר, דהי דאָג וויל באַיט יו! (רוקט זיך אָפּ פון אים.)

ש ל מ ה: וואָס זאָגט דער שגץ?

א י ז י: ער זאָגט, אַז זיי זאָלן זיך היטן פאַר דעם הינטל, ווייל ער וועט זיי אַ ביים טאָן, יו נאָו.

ר ב ק ה: קום אַהער, מרדכילע, איך וועל דיר גוט אָנקושן.

אַ ד ע ל: (פּלוצים) טהענק יו פאָר דהי פּרעזענט! (אָפּ.)

מ אַ ר ט י מ ע ר: (גיט זיך אַ כאַפּ) טהענק יו! (לויפט אַרויס נאָך אַדעלן).

ר ב ק ה: (קוקט אים נאָך) אַנטלאָפן. נישט פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב אים געזאָגט.

ש ל מ ה: הפנים, אַז זייער הונט און קאַץ פאַרשטייען זיי בעסער, ווי זייער זיידע־באָבע!

ר ב ק ה: (אָנקוקנדיק טהעדין) אפשר דו? (טוט אַ כאַפּ טהעדין) טאַטקעלע, לאָז אָפּ די קאַץ, אַז מען שפּילט זיך מיט אַ קאַץ, פאַרלירט מען

**דעם זכרון.** (טעדי האָט אַראָפּגעלאָזן די קאַץ, וועלכע אַנטלויפט) **זעסטו! טאַטקעלע פאַרשטייט, ער האָט מיך געפאָלגט.** (קושט אים.)

ש ל מ ה: (פאַרטראַכט) **פּע, עס געפעלט מיר נישט. רבקה, דו הערסט?...**

ר ב ק ה: **חאַס, שלמה?**

ש ל מ ה: **עס איז מיר דאָ די גאַנצע צייט אַזוי, ווי איך וואָלט געשטאַנען אונטערן טוש: טראָפּ — טראָפּ — קאַלט! טראָפּ — טראָפּ — לעבלעך! וואַרעם! הייס! און מיט אַמאָל — ווידער קאַלט! קעלטער, קעלטער! די טראָפּנס וואַסער שניידן דיך דורך, ווי מיט נאָדלען! אָט אַזוי איז דאָ. דאַכט זיך, אָט גוט, וואַרעם, און מיט אַמאָל — אייז־קאַלט. שטעכן דורך, ווי מיט נאָדלען...**

ר ב ק ה: **איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו רעדסט, שלמה...**

ש ל מ ה: **אַ יידענע. איר פאַרשטייט, וואָס איך האָב געזאָגט, רבי אַמעריקאַנעץ?**

א י ז י: **שור. קאַלטע וואַסער איז, יו נאָו, קאַלט אין אַמעריקע אויך.**

ש ל מ ה: **יאָ, יאָ, איר האָט פאַרשטאַנען. איר האָט באמת אַ קאָפּ פון אַ גאון, רבי יצחק.**

א י ז י: **איצט גיי איך. איך וועל קומען שפּעטער. יו נאָו, אפשר וועלן זיי מיך דאַרפן.**

ש ל מ ה: **יאָ, יאָ, רבי יצחק — איך וועל וועלן, אַז איר זאָלט מיך צופירן אין אַ בית־מדרש.**

א י ז י: **אָל־ראַיט. גוד־באַי. איך מיין, אַ גוטן אייך!**

ש ל מ ה: **גייט געזונטערהייט.** (איזי אָפּ.) **אַ ייד פון פלעין, אַ מאָדנע באַשעפעניש!**

ר ב ק ה: (פאַרטאָן מיט טהעדין) **אַי, געזונט זאָלסטו זיין, פייגעלע! ליכטיקער ווי אַלע זונען ביזטו דאָך, טאַטקעלע. זע, זע, שלמה, קוק אים נאָר אָן, נאָר גיב אים נית קיין עין הרע!** (קושט אים כמעט ווילד און שפּייט אָפּ) **טפו, טפו, טפו!**

ש ל מ ה (קוקט אָן טהעדין) **אַז ער אַנטלויפט נישט פון זיידע־באָבן, איז אַ גוטער סימן. אַ סימן, אַז זיידע און באָבע זענען נאָך אים אַזוי טייער לכל הפחות ווי די קאַץ. קום אַהער, ווידליקל.** (נעמט אָן טהעדין פאַר אַ האַנט) **אפשר וואָלט איך דיר געמאַכט פאַר אַ שטיקל יידן. און טאַקע דיך אויסלערנען אַביסעלע יידיש רידן אויך. איך, מיט מיין ווייסער באָרד, מעג יאָ לערנען דיין לשון, היינט פאַרוואָס זאָלסטו, קליינער ווידליקל, נישט לערנען דיין זיידנס לשון? אַנו, קום אַקאַרשט אַ פּרואוו טאָן, וואָס פאַר אַ קעפּעלע**



**דו האָסט!** (זעצט זיך און נעמט אים צו זיך אויפן שויס.) **רבקה, דערלאַנג אַקאַרשט דאָס ביסל ענגליש, וואָס איך האָב דאָרט פאַרשריבן!** (רבקה דערלאַנגט אים זיין העפט.) **דו הער אויס מיט קאָפּ, טאַטקעלע.** (קוקט אַריין אין העפט און מיט אַ גמרא־ניגון) **טאַטקעלע, וואָס איז דאָס? אַ פינגער, האַ? איז אויף ענגליש פינגער און אויף יידיש פינגער!**

ט ה ע ד י: (לאַכט) **פינגער, פינגער, ענגליש!**

ש ל מ ה: (זאָגט אים אונטער) **און אויף יידיש פינגער, טאַטקעלע.**

ט ה ע ד י: **טיטיש פינגער, טאַטקעלע. כאַ, כאַ, כאַ!**

ש ל מ ה: **לאַך נישט, שגץ, לערן מיט התמדה. האַנט אויף ענגליש, האַנט... ניין — אויף ענגליש האַנט בסעגל, און אויף יידיש האַנט...**

ט ה ע ד י: **ענגליש הענד. הענט לעגל־מעגל... שלום־עליקעם, שלום־עליקעם!** (לאַכט און וואַרפט מיט די פיס.)

ש ל מ ה: **שלאָג מיך נישט מיט דיינע פיס, גזלן. אָבער דו וועסט שוין ביי מיר קענען. איך וועל דיך שוין מאַכן פאַר אַ לייטישן יידן. שגץ, זאָג: זיידע, זיידע, זייד־ע־ע!**

ט ה ע ד י: **סעד־ע־ע! סעד־ע־ע!**

ש ל מ ה: **ער זאָגט! ער זאָגט! ער וועט ביי מיר זיין אַ ייד!**

ר ב ק ה: **טאַטעלע, זאָג: באָבע, באָבע!**

ט ה ע ד י: **באָבע! באָבע!**

ר ב ק ה: **אַי, ער זאָגט באָבע! אַי, נחת!...**

ש ל מ ה: **דערפאַר, טאַטעלע, קום, איך וועל דיר געבן אַ מתנה.**

(לאָזט אים אַרונטער פונם שויס און גיט אים אַ לאָקאָמאָטיוו מיט וואַגאָנען, דרייט אים אָן און עס לויפט איבערן דיל. טהעדי לויפט נאָך נאָך דעם שפּילצייג מיט אַ פריילעכן געלעכטער. שלמה און רבקה יאָגן זיך אויך נאָך נאָך דעם און פרייען זיך מיט טהעדיס פרייד. זיי שפּילן זיך אַזוי לאַנג, זיידע און באָבע מיטן אייניקל, ביז רבקה טוט אַ כאַפּ טהעדין און הויבט אָן אים צו קושן.)

ר ב ק ה: (קושנדיק אים) **גוואַלד, האַרצעלע! גוואַלד, וואָס פאַר אַ נחת! גוואַלד, ווי געשמאַק!**

(עממאַ קומט אַריין און נאָך איר מאַדאַם זשאָפּע, אַנגעטאָן צום אַרויסגיין.)

ע מ מ אַ: (רייסט אַרויס טהעדין פון רבקהס אָרעמס מיט כעס) **דאָנ׳ט קיס הים לאַיק עי סעווידזש!...** (רבקה קוקט זי אָן צושראָקן.)

מ אַ ד. ז ש אָ פּ ע: (אויפגערעגט) **מאָדהער, דו ניט קיס טהעדי. ניט געזונט, מאָדהער, אַי דאָנ׳ט לאַיק איט! יו אַנדערסטענד, פאַרשטאַנדן?**

עממאַ, טעיק הים עווער, אַי עם גאָאינג טו דהי טשאַריטי קאָנפערענץ. מאַ־דהער, אַי דאָנ'ט מין טו האַירט יו, באָט דו ניט קיס טעדי, ענד מאָרטימער דו ניכט קיס ענד נייטהער אַדעל. פליז! גוד־באַי! (אָפּ מיט עממאַ און טהעדין.)

רבקה: (צוטומלט און הילפלאָז) שלמה, וואָס איז דאָ געווען? פאַרוואָס איז זי בייז געוואָרן?

שלמה: (מיט ווייטיק און שפּאָט) דו האָסט דאָך געהערט? דו נים קוש!... רבקה, דאַכט זיך, אַז מיר זענען דאָ ניט קיין שטאַרק אָנגע־לייגטע זיידע און באָבע, האָ?

פאָרהאַנג



# דריטער אַקט

די אייגענע צוויי צימערן, ווי אין די פריערדיקע צוויי אַקטן. אין דריי וואָכן שפּעטער. זונטיק שפּעט נאָכמיטיק. ביי אַדעלן איז געווען אַ „פּאַרטי" לכבוד איר געבורטס־טאָג. ווען דער פאָרהאַנג הייבט זיך אויף, הערט זיך אַ טומל פון הינטער דער אָפענער צענטער־טיר און שטימען „גוד־באַי! גוד־באַי!" פון די געסט וואָס זעגענען זיך דאָרט מיט אַדעלן. אַרום דער אָפענער טיר שטייען אויך מיט פריינטלעכע שמייכלען זשאַפּע און מאַדאַם זשאַפּע, רבי שלעזינגער און מאַדאַם שלעזינ־גער, אַ דיקע, עלטערע פרוי, מיט ווייסע האָר, שטאַרק דעקאָלטירט. צווישן זיי אויך מאָרטימער, אַ פריי־לעכער מיט צוברענטע אויגלעך. זיי אַלע מאַכן מיט די הענט צו די געסט, וואָס פאַרלאָזן דאָס הויז. הינטער דער טיר ווערט שטיל. און אַדעל קומט אַריין, אין גאַנצן אַ שטראַלנדיקע, אין אַ ווייסן קלייד, אין אַזעלכע שיך און מיט אַ רויטער בלום אין די האָר. הינטער איר ליאָ און דייוו, צוויי פון אירע יונגע־לייט, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט ביי די זשאַפּעס אינם הויז. מען קוקט אויף זיי ביידן ווי אויף פּאַסנדיקע יונגע־לייט פאַר אַדעלן. סיי ליאָ און סיי דייוו האָבן רייכע עלטערן און זיי ביידע זענען שוין איבער 25 יאָר אַלט. ליאָ האָט געענדיקט קאָ־לאָמביע אוניווערסיטעט און איז איצט מיט זיין פאָטער אין רייכן פוטערוואַרג־געשעפט. זיין גאַנצע האַלטונג איז פון אַן אַמעריקאַנעם ביזנעסמאַן — רואיק, שטייף און העפלעך. ער רעדט געציילטע ווערטער און אַלץ אין אַ הויכער שפּראַך. דייוו איז פּונקט דער היפּך פון אים: אַ יונגערמאַן מיט קוועקזילבער אין די ביינער. ער רעדט היציק, אָבער איינפאַך, און האַלט זיך דורכאויס איינפאַך. ער האָט געענדיקט קאָרנעל אוניווערסיטעט, האָט אויס־געשטודירט לאָיער, האָט אַן אָפיס; אָבער זיין פּראָפעסיע אינטערעסירט אים ווייניק. ער איז אַ דיכטער, און מער ווי זיין פּראָפעסיע אינטערעסירט אים זיין פּאָעזיע. ער אינ־טערעסירט זיך אויך מיט געזעלשאַפטלעכע פראַגן, איבער־הויפּט מיט פראַגן, וואָס זענען נוגע יידן.

ד י י ו ו: איך מוז נאָך טאַנצן אַ וואַלץ מיט מאַדאַם שלעזינגער, אײדער איך גיי אַהיים.

מ אַ ד . ש ל ע ז .: האָט איר נאָך ווייניק געטאַנצט אויף דער היינטיקער „פּאַרטי״?

ד י י ו ו: נישט מיט אייך.

מ אַ ד . ש ל ע ז .: מיט ייִנגערע. מיט יונגע, שיינע מיידלעך.

ד י י ו ו: זיי קענען אָבער נישט אַזוי גוט טאַנצן ווי איר.

מ אַ ד . ש ל ע ז .: דייװ, מיין ליבער דיכטער, איר זייט אַ שמייכ־לער . . .

ד י י ו ו: (צו רבי שלעז.) בין איך אַ שמייכלער, דאָקטאָר?

ר ב י ש ל ע ז .: אַה, מיין פריינט, מאדאם שלעזינגער מיינט דאָס גאָר נישט. אינם האַרצן איז זי דורכאויס מיט אייך, אַז זי קען בעסער טאַנצן אײדער די יונגע.

מ אַ ד . ש ל ע ז .: און ווי מיינסטו, אַדאָלף?

ר ב י ש ל ע ז .: איך, וואָס ביי מיר אויפן האַרצן האָסטו פּערציק יאָר אַזוי שיין און גראַציעז געטאַנצט, מיין, אַז דו, רוט, ביזט די בעסטע טענצערין . . .

מ אַ ד . ז ש א פ ע: (נעמט אַרום מאַדאַם שלעזינגער) איך מיין אויך אַזוי, מאַמאַ . . .

ר ב י ש ל ע ז: (צו מאַרטימער) און ווי מיינסטו, מאַרטימער, איז דיין גרענד־מאַ אַ גוטע טענצערין? קאַם אָן, פאַיט! (שטעלט זיך אין אַ פּאָזע קעגן מאַרטימערן און זיי „פאַיטן״ זיך כלומרשט. אַלע לאַכן.)

ד י י ו ו : אַלזאָ, וואָס בלייבט מיט אונזער וואַלס? ליאַ, זעץ זיך צו דער פּיאַנאָ און שפּיל אַ וואַלס.

ל י אַ: (שטייף) שפּילן אַ וואַלס? איך בין נישט קיין פּאַדעראַוועסקי.

ד י י ו ו: ווער זאָגט עס, אַז דו ביזט אַ פּאַדעראַוועסקי? (קוקט זיך אַרום מיט אַ קאָמישער מינע) האָט עס אימיצער געזאָגט? טרוקענער ציפּער דו, גיי שפּיל אַ וואַלס, טו עפּעס פאַר דער מענטשהייט!

ל י אַ: טאָן פאַר דער מענטשהייט — דאָס לאָז איך איבער פאַר אייך, דיכטער.

ד י י ו ו: מיר טוען, וואָס מיר קענען. דו טו כאָטש, וואָס דו קענסט ניט. שפּיל אַ וואַלס.

ל י אַ: וואָס איך קען נישט, טו איך נישט. און אויב איך טו עפּעס, קען איך עס פּערפעקט. מיין פריינט, דו ווייסט דאָך, איך בין אַ ניכטערער אַמעריקאַנער ביזנעסמאַן מיט אַ ראַציאָנאַלן בליק אויפן לעבן. איך פאַרנעם



זיך נישט מיט אבסטראַקציעס, וואָס איך קען נישט רעאַליזירן. אויב איך פאַרנעם זיך מיט עפּעס, אויב איך טו עפּעס, רעאַליזיר איך עס אַזוי פּער־פעקט, ווי איך קען נאָר.

ד י י ו ו: אורא! פון וואָס פאַר אַ טיפן אינטעלעקטועלן קוואַל דו שעפּסט דאָס דיינע ווערטער, ליאַ! נישט אומזיסט באַקומען אַ דיפּלאָם פון קאָלומביע אוניווערזיטעט. (צו רבי שלעז.) דאָקטאָר, קענט איר מיר נישט דערקלערן אַזאַ מין שטריך ביי געוויסע ייִדישע אינטעלעקטואַלן, וואָס ביי ניט־ייִדישע האָב איך זעלטן באַמערקט?

ר ב י ש ל ע ז .: וואָס פאַר אַ שטריך מיינט איר?

ד י י ו ו: צו רײדן אין אַ הויכער שפּראַך, צו באַנוצן וואָס מען רופט „עי האַי פּלוטן לענגוויטש״. דעם דאָזיקן שטריך האָב איך אויך באַמערקט לעצטן יאָר, ווען איך בין געווען אין דייטשלאַנד. דווקא די ייִדישע דייטשן האָבן גערעדט אַזאַ הויכן דייטש, אַז איך האָב געמוזט האָבן פאַר אים אַ ווער־טערבוך.

ר ב י ש ל ע ז: דאָס באַוויזט נאָר, ווי גרינדלעך זיי קענען די שפּראַך.

ד י י ו ו: ניין, דאָקטאָר, דאָס באַוויזט גיכער, אַז זיי האָבן מורא, מען זאָל נישט פאַרדעכטיקן, אַז זיי, די ייִדן, קענען נישט גרינטלעך די שפּראַך. דאָס קומט דערפון, מיין איך, מחמת אָט די ייִדן ליידן פון אינפּיריאָריטי קאָמפּלעקס. און מחמת דעם איז אַזאַ ייִד מער אַמעריקאַנער אײדער דער אַמעריקאַנער, מער ענגלענדער אײדער דער ענגלענדער, מער דייטש אײדער דער דייטש, און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער . . .

אַ ד ע ל: (פּלוצים) גענוג צו דעבאַטירן, דייװ. קומט, איך וויל, אַז איר זאָלט מיר פאַרלייענען אייערע נייע לידער.

ל י אַ: (טוט זיך אַ כאַפּ) וואָס? וועל איך בעסער שפּילן אַ וואַלץ! (געלעכטער.)

ד י י ו ו: וועל איך בעסער פאַרלייענען מיינע לידער. און דו, ליאַ, וועסט אויך זיי מוזן אויסהערן.

ל י אַ: דו ווילסט אומבאַדינגט מיך היינט פּייניקן?

ד י י ו ו: איך וויל דיך אויפהויבן אין די הויכע ספערן, וואו דיין ראַציאָנאַלער בליק זאָל אַריינדרינגען אין אַבסטראַקציעס! קומט, אַדעל!

מ אַ ר ט י מ ע ר: קען איך אויך גיין?

ד י י ו ו: געוויס, ווער עס וויל, זאָל נאָכגיין נאָך מיר אויפן פּאַרנאַס. אויסער מיין פריינט ליאַ; פאַר אים זענען פאַרשפּאַרט אַלע וועגן צו די הויכע ספערן פונם פּאַרנאַס! (אָפּ מיט אַדעל און מאַרטימער אַרויף די טרעפּ.)

ל י אַ:  אַ משוגענער! איז ווייניקער פּראַקטיש אײדער אַ קינד. קוקט צום הימל און פילט נישט אונטער זיך די ערד.

ר ב י  ש ל ע ז.:  אַ טאַלאַנטפולער דיכטער. אַן עקסטרעם־מאָדערנער, אײנער וואָס ער שאַפט אַ שולע אין דער אַמעריקאַנער פּאָעזיע. די קריטיקער האַלטן פון אים.

ז ש א פ ע:  אַן אינטערעסאַנטער יונגערמאַן מיט אַ נשמה, און אַ גוטער ייִד.

מ אַ ד. ש ל ע ז.:  וועט ער אָבער קענען פאַרזאָרגן זיין פאַמיליע, ווען ער זאָל חתונה האָבן?

מ אַ ד. ז ש א פ ע:  ער איז דאָך אַ לאָיער און האָט אַ גרויסע באַקאַנטשאַפט.

ל י אַ:  אַ לאָיער, וואָס זיינע הויפּט־קליענטן זענען די מוזעס און די מענטשהייט, איז קיין לאָיער נישט. מיט דער מוזע און דער מענטשהייט טוט מען קיין ביזנעס נישט. אַ גוטער לאָיער איז פריער פון אַלץ אַ גוטער געשעפטסמאַן. איך האָב אַ סך מאָל מיט אים גערעדט. מיר זענען דאָך פריינט פון קינדווייז אויף. עס העלפט נישט. ער האָט קיין שום אינטערעס פאַר דעם פּראַקטישן לעבן. שוועבט אין די הויכע ספערן, וויל זיין אַ בייראָן, אַ שעלי, אַ מילטאָן, וויל זיין אַלצדינג, נאָר נישט קיין פּראַקטישער, ראַציאָנאַלער מענטש. ווען נישט זיינע עלטערן . . .

מ אַ ד. ש ל ע ז.:  זיינע עלטערן זענען דאָך זייער רייך?

ל י אַ:  זיי זענען „גערייטעט״ איבער אַ צוויי מיליאָן . . .

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע:  און וויפיל קינדער האָבן זיינע עלטערן, אויסער אים?

ל י אַ:  נאָך איין זון, וועלכער איז אין געשעפט מיט זיין פאָטער.

מ אַ ד. ז ש א פ ע:  (קוקט זיך איבער מיט איר מאַן) דייוו איז זייער אַן אינטערעסאַנטער יונגערמאַן. און מיר געפעלט דווקא, וואָס ער איז אַ דיכטער. ער וועט חתונה האָבן, וועט ער פּראַקטישער ווערן.

ז ש א פ ע:  (בויגט זיך־צו צו איר און זאָגט איר מיט אַ שמייכל) איבערהויפּט געפעלן דיר זיינע רייכע עלטערן, נישט אַזוי?

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע:  און ווען אַפילו אַזוי? (לאַכט.)

מ אַ ד. ש ל ע ז.:  איז דייווס ברודער אויך אַזאַ טרוימער, ווי ער?

ל י אַ:  ניין. ער איז דווקא אַ ניכטערער ביזנעסמאַן. איך קען אים גוט. מיר באַלאַנגען צו דעם זעלביקן אַטלעטיק קלוב, צום זעלביקן טעמפּל...

ר ב י  ש ל ע ז.:  באַזוכט איר אָפט גאָטס טעמפּל?



ל י אַ:  דעם יאָר עטלעכע מאָל. מען האָט דאָרט געגעבן אינטערעסאַנטע „ענטערטעינמענטס״ . . .

ר ב י  ש ל ע ז.:  און צו גאָטעס־דינסט?

ל י אַ:  געוויס. אַמאָל קומט מען צו גאָטעס־דינסט אויך — יום כיפור. און אַמאָל, ווען דאָקטאָר האָלמס, דער פּאַסטאָר פון מעדיסאָן עוועניו קירך, האַלט אַ „סערמאָן״ ביי אונז אינם טעמפּל . . .

ר ב י  ש ל ע ז:  דאָקטאָר האָלמס וועט האַלטן אַ „סערמאָן״ די וואָך אין מיין טעמפּל. קומט צוגיין. איך וועל האַלטן אַ „סערמאָן״ אין זיין טעמפּל. אפשר וואָלט איר גאָר געקומען צו מיר? דאָקטאָר האָלמס קירך איז דאָך אין אייער געגנט . . .

ל י אַ:  מיט פאַרגעניגן, דאָקטאָר, אויב איך וועל נאָר האָבן די מעגלעכקייט. (פון אויבן הערט זיך אַדעלס און דייווס געלעכטער. ליאַ קוקט זיך אום) אַנטשולדיקט, איך וועל דאָך גיין, הערן זיין פּאָעזיע! (פאַרשווינדט אויף די טרעפּ.)

מ אַ ד. ז ש א פ ע:  ער האָט דערהערט, אַז זיי לאַכן, איז ער אייפערזיכטיק געוואָרן. ער איז אייפערזיכטיק צו דייוון און דייוו צו אים. איך האָב עס שוין לאַנג באַמערקט. דערפאַר קריגן זיי זיך שטענדיק אַרום, ווען אַדעל איז דערביי.

מ אַ ד. ש ל ע ז.:  בײדע וואוילע יונגע לייט פאַר אַדעלן. און ווער פון זיי געפעלט איר בעסער?

מ אַ ד. ז ש אַ פ ע:  זיי געפעלן איר ביידע. אַמאָל זאָגט זי, אַז ליאַ געפעלט איר בעסער, און אַמאָל — אַז דייוו. און אַן אַנדערס מאָל זאָגט זי גאָר, אַז הענרי געפעלט איר בעסער . . .

ר ב י  ש ל ע ז.:  איר האַרץ וועט שוין געפינען דעם וועג צו דעם ריכטיקן.

מ אַ ד. ש ל ע ז.:  זי איז שוין היינט געוואָרן 18 יאָר אַלט, אַדעלף. אין אירע יאָרן האָב איך שוין געהייראַט.

ר ב י  ש ל ע ז.:  יאָ, רוט, דאָס געדענק איך.

ז ש א פ ע:  (פלוצים) און מיינע אַלטע זענען נאָך נישטאָ . . .

מ אַ ד. ז ש א פ ע:  ווען זיי וואָלטן אינגאַנצן אַוועק פון דאַנען . . .

ז ש א פ ע:  גערטרוד, דו רעדסט שוין ווידער?

מ אַ ד. ז ש א פ ע:  פאַר זייער אייגענער טובה וועגן. איך זאָג עס דיר ווידער, הערמאַן: זיי דאַרפן אַרויסציען פון דאַנען.

ז ש א פ ע:  איך האָב דיר געזאָגט: זיי בלייבן דאָ וואוינען מיט זייער זון, גערטרוד.

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: דו טוסט זיי נישט דערמיט קיין טובה, הערמאַן.
ר ב י ש ל ע ז: גערטרוד, גערטרוד, וואָס זענען עס פאַר אַ רייד!
ז ש אַ פּ ע: אַזוי איז זי די לעצטע צייט. זיי זאָלן אַרויסציען פון דאַנען. איך דערקען זי גאָר נישט.

ר ב י ש ל ע ז.: גערטרוד, איך בין איבערראַשט. אַזוי טוסטו דיין פליכט?

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: פּאַפּאַ, איך האָב מיין פליכט געטאָן, מער ווי מיין פליכט. איך בין געווען פריינטלעך צו זיי, אָפּגעגעבן זיי כבוד. באַמיט זיך אַפילו זיי צו האָבן ליב. געזען, אַז די קינדער זאָלן זיי רעספּעקטירן, געלערנט מיטן אַלטן ענגליש, געלערנט זיי אפילו, ווי צו האַלטן אַ מעסער זיי זענען דאָך ווי ווילדע, ווייסן דאָך נישט אפילו, ווי צו האַלטן אַ מעסער און גאָפּל אין די הענט, די גאַנצע צייט האָב איך זיך דאָך געדאַרפט שעמען פאַר דער דינערשאַפט . . .

ז ש אַ פּ ע: רייד נישט אַזוי וועגן זיי, הער אויף!

ר ב י ש ל ע ז.: קינדער, קינדער!

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: ווי דו זעסט, פּאַפּאַ, אַזוי גראָב איז ער איצט קעגן מיר. שרייט אויף מיר. האָט שוין עטלעכע מאָל געשלאָגן מאָרטימער, פאַרוואָס ער ליבט נישט די אַלטע; פאַרוואָס אים איבלט פון זייערע קושן. אין די דריי וואָכן, זינט יענע זענען אינם הויז, איז דאָ אַ גהנום געוואָרן! . . .

ז ש אַ פּ ע: זיי זענען ביי מיר אין הויז, גערטרוד, ביי זייער זון אין הויז!

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: זיי זענען אויך ביי דיין ווייב אינם הויז, הער־מאַן, און ביי דיינע קינדער אינם הויז. זיי מאַכן אונז ענג אינם הויז, און מיר מאַכן זיי ענג אינם הויז, פאַרשטיי דאָך, הערמאַן!

ר ב י ש ל ע ז.: אָבער פאַרוואָס ביזטו קעגן זיי, גערטרוד?

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: פּאַפּאַ, איך בין מיד פון זיי. פּשוט מיד פאַר רחמנות צו זיי. יאָ, פאַר רחמנות! . . . איך קען נישט צוזען, ווי זיי לײַדן, און העלפן זיי קען איך אויך נישט. נישט איך פאַרשטיי זיי, נישט זיי פאַר־שטייען מיך, און נישט זיי פאַרשטייען די קינדער. באַוועגן זיך איבערן הויז ווי כמאַרעס, צוויי אַלטע מענטשן, ברוגזע, לײַדנדיקע . . . צום געקעכץ האָבן זיי אויפגעהערט זיך צוצורירן: נישט כשר . . . לעבן מיט אַ ביסל מילך און מיט אַ גלאָז טיי . . . היינט די אַלטע — ווי אַ משוגענע! האַלט נאָר אין איין רײדן, רעדט און רעדט, נישט אַלצדינג פאַרשטיי איך, וואָס זי רעדט; איך פאַרשטיי נאָר, אַז זי פרעגט, פאַרוואָס האָבן די קינדער זי נישט ליב, ווען זי האָט זיי אַזוי ליב? . . .



ז ש אַ פּ ע: זי מעג עס פרעגן. יאָ, גערטרוד, פאַרוואָס האָבן די קינ־דער זי נישט ליב?

מ אַ ד. ש ל ע ז.: אַך, הערמאַן, ווי קענען דיינע אַמעריקאַנישע, גוט־דערצויגענע קינדער זיי ליב האָבן? זיי זענען, אמת, דיינע עלטערן, אָבער דו מוזט דאָך אַליין פאַרשטיין, אַז נישט פאַר דיינע קינדער און נישט פאַר דיין ווייב, און נישט פאַר דיין הויז פּאַסן זיי . . .

ז ש אַ פּ ע: (קוקט זי אָן אויפגערעגט) זיי פּאַסן דאָ פּונקט ווי מיין ווייבס זייער געערטע מוטער! . . .

מ אַ ד. ש ל ע ז.: (באַליידיקט) אַה!

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: מיין מוטער זאָלסטו נישט באַליידיקן, הערמאַן

ז ש אַ פּ ע: מיינע עלטערן זאָלסטו נישט באַליידיקן, גערטרוד!

ר ב י ש ל ע ז.: קינדער, דאָס געפעלט מיר נישט . . . געקומען ספּעציעל פון אַטלאַנטיק סיטי צו אַדעלס „פּאַרטי", און מיט אַמאָל אַזאַ „פּאַרטי"!

ז ש אַ פּ ע: מיר געפעלט עס אויך נישט. איך האָב עס קיינמאָל נישט דערוואַרט . . .

מ אַ ד. ז ש אַ פּ ע: דו האָסט עס באַדאַרפט דערוואַרטן, ווען דו וואָלסט געווען אַנדערש דערצויגן . . .

ז ש אַ פּ ע: (צולאַכט זיך) אַנדערש דערצויגן? אפשר נישט קיין רוסישער ייד, דאָס מיינסטו? נו, פאַרוואָס האָסטו נישט געפּרואווט מיך אַנדערש דערציען, אַזוי ווי דו האָסט געפּרואווט צו דערציען מיין אַלטן פאָטער און מיין אַלטע מוטער? עך, גערטרוד, אויב שוין ריידן וועגן דעם, ווער עס איז גוט דערצויגן, וועל איך דיר זאָגן, אַז דו ביזט עס נישט, ניין, נישט דו! איך זאָג עס אָפן, ווען דיינע עלטערן זענען דערביי. יאָ, יאָ, גער־טרוד, מיט דיין וועלן דערציען מיינע אַלטע, מיט דיין לערנען זיי, ווי זיי זאָלן זיצן ביים טיש, ווי אַזוי זיי זאָלן עסן, ווי זיי זאָלן באַנוצן דאָס נאָז־טיכל, האָסט באַוויזן, ווי אומדערצויגן דו ביזט אַליין! דו האָסט זיי דערמיט דער־נידעריקט, זיי ווי געטאָן, געלאָזט זיי פילן, אַז זיי זענען שיער־נישט קיין ווילדע ברואים. דו האָסט געוואוסט, וואָס פאַר אַ שטאָלצער מענטש מיין אַלטער פאָטער איז; דו אַליין האָסט נישט איין מאָל גערעדט מיט מיר וועגן דעם; פונדעסטוועגן האָט עס דיך נישט אָפּגעהאַלטן צו דערנידעריקן אים מיט דיין וועלן אים דערציען. איך האָב דיך נישט איין מאָל געוואָרנט קעגן דעם און דו האָסט דיינס געטאָן. דאָס באַווייזט, ווי אומדערצויגן דו ביזט נאָך אַליין. אַנטשולדיקט, פּאַפּאַ, פאַרוואָס איך רייד אַזוי. עס טוט וויי! . . .

מאד. זשאפע: (שפּאַטיש) מאַמאַ, פאַרוואָס האָסטו מיך נישט געגנוג דערצויגן פאַר מיין מאַן?

מאד. שלעז.: קום, גערטרוד, דיין מאַן איז אויפגערעגט.

מאד. זשאפע: דו ביזט גערעכט, מאַמאַ, קום!

זשאפע: איין מינוט, איך האָב נאָך נישט געענדיקט! מיינע עלטערן בלייבן דאָ. און פון איצט אָן וועל איך זען, אַז זיי זאָלן זיך פילן וואָס באַקוועמער ביי מיר אינם הויז, ווען מיר זאָל אַפילו אויסקומען צו פאַרלאָזן דאָס געשעפט און פאַרברענגען מיט זיי.

מאד. זשאפע: גוט, הערמאַן, טו וואָס דו ווילסט. קום, מאַמאַ!

(אָפּ מיט מאַדאַם שלעזינגער אויף די טרעפּ.)

רבי שלעז.: (טוט אַ פּאַטש זשאפען איבערן אַקסל) דו געפעלסט מיר, הערמאַן. כבד את אביך ואת אמיך, למען יאריכון ימיך ... וואו זענען זיי?

זשאפע: אוועק צו זייערן אַ לאַנדסמאַן, אַ רב, מיטן מאַן, וואָס איך האָב אים אָנגעשטעלט צו זיין מיט זיי. נישט געקענט פועלן ביי זיי, אַז זיי זאָלן פאַרבלייבן אויף דער „פּאַרטי". זייער לאַגע איז אַ שרעקלעכע. זיי זענען אַזוי צוגעבונדן צו מיר און צו זייערע אייניקלעך, און צום סוף ...

רבי שלעז.: יאָ, נישט קיין אָנגענעמע לאַגע. דו ווייסט, הערמאַן, איך האָב שוין אַ סך מאָל פון דעם געטראַכט. עס איז נישט אמת, אַז מיר פאַרמאָגן אָן איין איינציק יידיש פאָלק, מיר פאַרמאָגן פאַרשיידענע יידישע פעלקער.

זשאפע: גאַנץ ריכטיק. אפילו איך און מיין ווייב געהערן צו צוויי באַזונדערע יידישע פעלקער.

רבי שלעז.: זאָלן מיר נישט ריידן פון דיר און דיין ווייב. מיר וועלן ריידן פון דיינע עלטערן און דיין ווייב. גערטרוד איז אַן אידעלע, גוט־האַרציקע פרוי. דו ווייסט עס. היינט ווי קומט אַזאַ פרעמדקייט צווישן איר און דיינע עלטערן? איך האָב נאָך דיינע עלטערן נישט געטראָפן; איך פאַרשטיי אָבער, אַז די פרעמדקייט צווישן זיי קומט נישט בלויז דערפון, ווייל זיי פאַרשטייען נישט איינער דעם אַנדערנס לשון, הגם איך לייקן נישט, אַז דאָס שפּילט אויך זייער אַ גרויסע ראָל, און אויך נישט מחמת דעם, ווייל זיי געהערן צו אַנדערע דורות, נאָר, דער עיקר, מחמת דעם, ווייל זיי געהערן צו פאַרשיידענע פעלקער מיט פאַרשיידענע קולטורן. למשל, ווען איך בין דיין פאָטער, הגם איך געהער אויך צו אַן אַנדערן דור, וואָלט צווישן מיר און גערטרוד נישט געקענט געמאָלט זיין אַזאַ פרעמדקייט ...

זשאפע: אויב די פראַגע איז דאָ פאַרשיידענע יידישע פעלקער,



היינט פאַרוואָס פיל איך, דער רוסישער ייד, זיך נישט פרעמד מיט אייך, מיט איינעם פון דעם דייטש־יידישן פאָלק? ...

רבי שלעז.: ווייל דו ביזט נישט מער רוסישער ייד ווי איך בין נישט מער דייטשער ייד. מיר ביידע זענען אויסגעקאָכט אין דעם גרויסן אַמעריקאַנישן אַסימילאַציע־קעסל, אַט אַזוי ווי הונדערטער טויזנטער אַנדערע פון די פאַרשיידענע יידישע פעלקער ...

(דייוו קומט אַרונטער פון די טרעפּ.)

דייוו: (מיט ליאַרעם) מען קען משוגע ווערן פון אים!

רבי שלעז.: פון וועמען?

דייוו: פון מיין פריינט ליאָ. האַלט מיר כסדר לעקציעס און אַלץ פון זיין ראַציאָנאַלן, פּראַקטישן שטאַנדפּונקט! באַזונדערס מאַכט מיך משוגע זיין לשון. אַזוי ווי ער וואָלט איינגעשלונגען דעם גאַנצן וועבסטערס ווערטער־בוך, און איצט ווערגט ער זיך מיט די שווערע, וואַגיקע ווערטער! ...

רבי שלעז.: און ווי זענען אים געפעלן געוואָרן אייערע לידער?

דייוו: גאָר נישט געפעלן, גאָר נישט. הימל... בלויער זעפיר... זוכעניש... בענקעניש... ווייס איך וואָס! קיין פּוטער־וואָרג פאַר זיין געשעפט קען דערפון נישט אויסגעאַרבעט ווערן!

רבי שלעז.: דייוו, מיר ריידן דאָ וועגן אַ טעמע, וועלכע, ווי איך ווייס, וועט אייך אינטערעסירן.

דייוו: צום ביישפּיל, דאָקטאָר?

רבי שלעז.: איך האָב אויסגעדריקט אַ מיינונג, אַז אנשטאָט איין יידיש פאָלק פאַרמאָגן מיר פאַרשיידענע יידישע פעלקער. ווי דענקט איר, דייוו?

דייוו: וועגן דעם האָבן מיר דיסקוטירט נישט איינמאָל ביי אונז אין פאַראיין.

רבי שלעז.: וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַראיין?

דייוו: אַ פאַראיין פון יידישע סטודענטן, ס'רוב אַמעריקאַנער געבוירענע, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט יידישע קולטורעלע פּראָבלעמען, איבערהויפּט מיטן פּראָבלעם יידישע ליטעראַטור און יידישע שפּראַך.

רבי שלעז.: מיט דעם פּראָבלעם „יידישער זשאַרגאָן"?

דייוו: מיט דעם פּראָבלעם „יידישע שפּראַך", דאָקטאָר. און יידיש איז נישט קיין זשאַרגאָן, דאָקטאָר, ווי ענגליש, וואָס עס איז אויך אַ געמיש פון שפּראַכן, איז נישט קיין זשאַרגאָן. אַ שפּראַך, וואָס זי האָט אין זיך

אריינגעזאפט אזוי פיל צער און יסורים, אזוי פיל פרייד און האפנונגען, אזוי פיל ליבע און גייסט, און אזא אייגנארטיקן הומאר פון אזוי פיל מיליאנען מענטשן אין א משך פון יארהונדערטער, איז נישט קיין זשארגאן. האט איר געפרואווט אמאל לייענען די יידישע ליטעראטור?

ר ב י ש ל ע ז.: ניין. צו וואס? . . .

ד י י ו ו: לייענט, רבי שלעזינגער, איר וועט דאן קענען דאס יידיש פאלק און איר וועט אויך האבן א גרויסן גייסטיקן געניס.

ר ב י ש ל ע ז.: איך קען נישט לייענען קיין זשארגאן.

ד י י ו ו: איך און מיינע חברים האבן פריער אויך נישט געקענט לייענען קיין יידיש און מיר האבן זיך אויסגעלערנט. לערנט זיך אויך אויס, רבי שלעזינגער. עס איז אייער חוב צו קענען דעם לשון און די ליטעראטור פון מיליאנען פון אייער פאלק.

ר ב י ש ל ע ז.: מיין פאלק רעדט נישט דעם יידישן זשארגאן.

ד י י ו ו: איך ווייס עס, און דערפאר איז עס אויפן וועג פון אונטערגאנג אלס יידן . . .

ר ב י ש ל ע ז.: (מיט א שמייכל) ווייל עס רעדט נישט דעם יידישן זשארגאן?

ד י י ו ו: יא, אויך דערפאר, ווייל עס רעדט נישט קיין יידיש.

ר ב י ש ל ע ז.: איר מיינט עס ערנסט, מיין ליבער דיכטער?

ד י י ו ו: גאנץ ערנסט, דאקטאר. פארשטייט זיך, אז איך מיין נישט צו זאגן, אז די יידישע שפראך אליין קען אויפהאלטן דעם קיום פונם יידישן פאלק אין אמעריקע, אבער איינע פון די הויפט־כוחות פאר זיין קיום קאן זי זיכער זיין. און דערפאר, דאקטאר . . .

ר ב י ש ל ע ז.: (גוטמוטיק) דארף מען זיך לערנען יידיש?

ד י י ו ו: אזוי, לכל הפחות, גלויב איך און נאך א סך אנדערע מיט מיר. ווייל שפראך ביי א פאלק איז מער ווי אן אינסטרומענט פאר אויסדריקן ווערטער. שפראך איז דער לעבעדיקער קלאנג פון דעם באזונדערן גייסט און פון דער באזונדערער קולטור ביי א פאלק. אין דער שפראך פון א פאלק הילכט אפ זיין גאנץ באזונדערע מהות. און, א חוץ דעם, איז שפראך יענער נאענטער, לייבלעכער קרוב, וואס ער פארבינדט און פאראייניקט מענטש און מענטש פון א פאלק. און אן אט דעם קרוב בלייבט מען פרעמד אפילו צווישן די נאענטסטע מענטשן, אפילו צווישן עלטערן און קינדער, א פאקט, וואס מיר קאנען אים זען כמעט אין יעדן יידישן הויז ביי אונז אין אמעריקע...

ז ש א פ ע: איך בין מיט איך באלד מסכים, דייוו. מיינע עלטערן און מיינע קינדער זענען דער בעסטער באווייז, מיין איך.



ר ב י ש ל ע ז.: זיי, הערמאן, זענען נאך ווייט נישט קיין באווייז. (צו דייוון) איך מיין אבער, דייוו, אז מען קאן ריידן די ענגלישע שפראך און זיין גוטע יידן.

ד י י ו ו: און איך מיין, כדי צו זיין גוטע יידן, מוזן יידן אויך ריידן יידיש, אחוץ ענגליש. ווארים יידן, אפגעריסן פון דעם יידישן קוואל, פון זיין פאלקס־שפראך און זיין קולטור, זענען אין מיינע אויגן נישט קיין יידן. בפרט אין דער היינטיקער צייט, ווען די רעליגיע האט אויפגעהערט צו שפילן איר אמאליקע ראל. וואס פאר א יידישן גלויבן האבן די ריווער־סיידער יידן פון אייער טעמפל, דאקטאר?

ר ב י ש ל ע ז.: די שענסטע יידן זענען אין מיין געמיינדע.

ד י י ו ו: איך קען אט די שענסטע יידן. מיין משפחה געהערט אויך צו זיי. וואס ווייסן זיי פון אמתער יידישקייט? און אז זיי קומען אמאל אין טעמפל צו הערן דעם קאנטאר מיט זיין כאר פון שיקסעס; צי אז זיי קומען צו אן „ענטערטעינמענט"; צי אז זיי קומען אמאל הערן א „סערמאן" פון איך, געערטער דאקטאר, וועגן דעם, אז דאס יידישע פאלק האט א מיסיע צווישן פעלקער — איז דאס יידישקייט? . . .

ר ב י ש ל ע ז.: וואס דען איז ביי איך יידישקייט — די רעליגיע פון די ארטאדאקסן?

ד י י ו ו: איך רייד נישט פון רעליגיע. זאל גאט אליין פאר זיך דאגהנען. מען קען זיין דער בעסטער ייד און נישט זיין רעליגיעז אינגאנצן.

ר ב י ש ל ע ז.: אין דעם צווייפל איך.

ד י י ו ו: און איך צווייפל גאר ניט אין דעם. איך וואלט אייך געקענט אויסרעכענען א צעטל פון גרויסע גייסטער ביי די העכסט קולטורעלע פעלקער, וואס זיי זענען ניט געווען רעליגיעז, און דאך זענען זיי געווען די בעסטע קינדער פון זייער פאלק.

ר ב י ש ל ע ז.: וואס איז פארט ביי אייך יידישקייט?

ד י י ו ו: ביי מיר איז יידישקייט אן אייגענער יידישער פנים, אן אייגענע יידישע נשמה, אן אייגענע יידישע שפראך. ווי א מענטש האט זיין אייגענעם פנים, זיין אייגענעם קול, אזוי זאל מיין פאלק האבן זיין אייגענעם פנים און זיין אייגענעם קול. שפראך און קולטור — דאס איז דער פנים און קול, און דאס איז די נשמה פון א לעבעדיקן פאלק!

ר ב י ש ל ע ז.: משונהדיקע געדאנקען, וואס זיי קענען נאר איינפאלן א דיכטער. זאלן די יידן אין אמעריקע, למשל, זיך אפזאגן פון זייער אמעריקאנישער קולטור צוליב זייער יידישן זשארגאן?

ד י י ו ו: ניין, נישט אפזאגן זיך פון דער אמעריקאנישער קולטור,

נאָר נישט לאָזן אָפּמעקן זייער אייגענע קולטור. איך וויל נישט באַגיין זעלבסטמאָרד און איך וויל נישט, אַז מיין פאָלק זאָל זעלבסטמאָרד באַגיין! יידן און אַמעריקאַנער, אנשטאָט אַמעריקאַנישע יידן פון אַ ריווערסייד דרייוו! דאָקטאָר, איך און אַ סך אַנדערע ווי איך, יידישע יונגע־לייט, געבוירענע אין אַמעריקע, אפשר אַ דאַנק אונזערע ניט־יידישע חברים, וואָס זיי האָבן אונז געלאָזט פילן, אַז מיר זענען יידן, — מיר האָבן זיך פאַרטראַכט וועגן דעם שיקזאַל פון די יידן אין אַמעריקע, און מיר האָבן זיך געפרעגט: וואוהין גייט דער ייד אין אַמעריקע? און מיר האָבן זיך געמוזט ענטפערן, אַז ער גייט צום טייפל!...

ר ב י ש ל ע ז.: (שאָקלט דעם קאָפּ) איבערטריבן, מיין פריינט, שטאַרק איבערטריבן.

ד י י ו ו: ניין, דאָקטאָר, גאָרנישט איבערטריבן. ביי זיך אינם האַרצן ווייסט איר עס אויך. וואָס פאַר אַ יידן זענען די, וואָס וואוינען ביי אונז אויף ריווערסייד דרייוו? וואָס פאַר אַ גלויבן האָבן זיי און וואָס פאַר יידישע אידעאַלן? סתם מענטשן זענען זיי אָן אַ באַשטימטן גייסטיקן באָדן, אָן אַ באַשטימטן גייסטיקן פנים, אָן שום העכערע אידעאַלן. אמת, זיי האָבן אַ סך טעמפלען, וואוינט אָבער אַ גאָט אין יענע טעמפלען? ניין, קיין שום גאָט וואוינט דאָרט נישט, נאָר קערפּערס, שווערע אָפּגעפרעסענע קערפּערס, וואָס זיי האָבן זיך איינגעגראָבן מיט אויגן און נעגל און ציין אין דער פעט־קייט פון דער ערד און רייסן זי, און שלינגען זי, און באַמערקן אַפילו נישט, אַז איבער זיי איז פאַראַן ערגעץ אַ שטיקל הימל!...

ר ב י ש ל ע ז.: דייוו, אייער מוזע פאַרפירט אייך, גלויבט איר נישט. זי דערציילט אייך נישט־געשטויגענע און נישט־געפלויגענע פאַנטאַ־זיעס. ווען איך קען אייך נישט און ווען איך ווייס נישט, ווי שטאַרק איר האָט ליב אייער פאָלק, וואָלט איך געמיינט, אַז אַן אַנטיסעמיט רעדט דאָס!... זיי האָבן געגנוג אידעאַלן, די יידן פון ריווערסייד דרייוו. זיי שטיצן האָספּי־טעלער, קינדערהיימען, יתומים־היימען. זיי האָבן געשטיצט די יידישע מלחמה קרבנות און נישט בלויז די יידישע אַליין, און די פּאָגראָם־קרבנות אין איי־ראָפּע האָבן אָט די יידן מיינע פון ריווערסייד דרייוו אויך געשטיצט און זיי שטיצן נאָך היינט מיליאָנען יידן אין אייראָפּע. און דאָס איז דער העכסטער יידישער און מענטשלעכער אידעאַל, מיין פריינט דיכטער!...

ד י י ו ו: דאָקטאָר, וועלן די קינדער פון אָט די יידן, וואָס שטיצן היינט יידישע קרבנות אין אייראָפּע, — וועלן זיי אויך שטיצן יידישע קרבנות, וועלן מיר זאָגן, אין פינף־און־צוואַנציק יאָר שפּעטער? איך זאָג, אַז ניין!...

ר ב י ש ל ע ז.: פאַרוואָס נישט?



ד י י ו ו: ווייל די קינדער פון יידישע עלטערן אויף ריווערסייד דרייוו ווערן אַזוי דערצויגן, אַז זיי ווילן נישט האָבן קיין שום שייכות מיט יידן. אָט וועגן דעם רייד איך. מיך אינטערעסירן די קינדער פון די יידן אין אַמעריקע, ווייל די צוקונפט פון דעם יידישן מהות אין אַמעריקע הענגט איב־גאַנצן אָפּ פון אונזערע קינדער...

ז ש א פּ ע: וואָס האָט איר אָבער צו מיין ריווערסייד דרייוו?

ד י י ו ו: מיסטער זשאפּע, דאָס איז מיינער אויך. איך בין אויך אַ ייד פון ריווערסייד דרייוו. דערפאַר קען איך דאָך אַזוי גוט מיינע יידישע שכנים. פאַר מיר אַליין איז ריווערסייד דרייוו דער סימבאָל פונם אַמעריקאַ־נישן יידנטום אָדער אויס־יידנטום. קערפּערלעכע איבונגען, ספּאָרט, גוט־עסן, גוט־שלאָפן, גוטע ביזנעס, שיינע קאָרס, געמאַכטע שמייכלען און מאַנירן און נאָכאַנאַנד קראַצן דאָס יידישע פון דעם פנים, — דאָס איז ריווערסייד דרייוו!

ז ש א פּ ע: (צולאַכט זיך) אַ שיינעם תכלית האָט איר געמאַכט פון מיין ריווערסייד דרייוו, דייוו!

ר ב י ש ל ע ז.: און אייער הילף קעגן דעם, מיין ליבער דיכטער?

ד י י ו ו: אויפהערן צו ווען, אַז די אַנדערע זאָלן נישט דערקענען, אַז מיר זענען יידן. אויפהערן צו קראַצן דאָס יידישע פון אונזער פנים און פון אונזער נשמה. אויפהערן זיך צו שעמען מיט אונזער יידישן אָפּשטאַם. נישטאָ מיט וואָס זיך צו שעמען. אַזעלכע מיוחסים ווי די מענטשן פון די אַנדערע פעלקער זענען מיר. דאָקטאָר, האָט איר אַמאָל געהערט פון אַ גרויסן יידישן שריפטשטעלער שלום־עליכם?

ר ב י ש ל ע ז.: געהערט און נישט געהערט. עפּעס, דאַכט זיך מיר, האָב איך יאָ געלייענט וועגן אים אָדער פון אים.

ד י י ו ו: אָט דאָס איז דאָך די געשיכטע, וואָס איר קענט נישט אַפילו אַזעלכע גרויסע דיכטער אונזערע. אָבער נישט וועגן דעם וויל איך מיט אייך ריידן. מיר איז נישט לאַנג אויסגעקומען צו לייענען אין די ווערק פון אָט דעם יידישן גרויסן שריפטשטעלער, זיין צוואה, וואָס ער האָט איבער־געלאָזט פאַר זיינע קינדער. שרייבט ער דאָרטן אומגעפער אַזוי: „רעליגיעזע איבערצייגונגען קאָנען מיינע קינדער און קינדס־קינדער האָבן וואָסערע זיי ווילן, נאָר זייער יידישע אָפּשטאַמונג בעט איך זאָלן זיי היטן". אָט דאָס, דאָק־טאָר, וואָס איך מיין. דאָקטאָר, מען זינגט ביי יידן אַ לידל, וואָס גייט אַזוי: „וואָס מיר זענען זענען מיר, נאָר יידן זענען מיר!" אָט דאָס לידל האָט מען געדאַרפט אויסלערנען צו זינגען די יידן פון ריווערסייד דרייוו, איבערהויפּט זייערע קינדער...

ר ב י ש ל ע ז.: (לאַכט) מערקווירדיק. אַפילו יידישע לידער

האָט ער זיך אויסגעלערנט צו זינגען, אונזער אַמעריקאַנער דיכטער. מיינע ייִדן וואָלטן עס נישט געקענט . . .

ד י י ו ו: זיי וועלן שוין קענען. די אַנטיסעמיטן וועלן שוין זיי אויסלערנען צו זינגען אָט דאָס לידל . . .

ז ש אַ פּ ע: דייוו, איר מוזט זיך באַקאַנען מיט מיין פאָטער. ער וועט פון אייך נחת האָבן.

ד י י ו ו: איך קען אים שוין. און אַ פּאָר מאָל גערעדט מיט אים אויך. אָט דער ייִד מיט זיין אַלטינקער זענען לעבעדיקע עדות, ווי נויטיק עס איז, אַז ייִדישע קינדער זאָלן ריידן אויך ייִדיש. וואו איז ער?

ז ש אַ פּ ע: אפשר וועט ער באַלד קומען. איצט לייג איך פאָר, אַז מיר זאָלן גיין צום בופעט. איר האָט אַזויפיל דעבאַטירט, אַז מיר איז טרוקן געוואָרן אין האַלדז.

(ליאַ און אַדעל קומען אַרונטער פון די טרעפּ ריידנדיק.)

ר ב י ש ל ע ז .: נישט קיין קרומע זאַך. קומט, דייוו, אייער ענטוזיאַזם פאַרדינט אַ גלעזל וויין.

ד י י ו ו: יעס, דאָקטאָר, איך גיי מיט אייך. (שרייט אויס פריילעך) ליאַ, פון ראַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט איז דערלויבט צו דערוואַרימען די עמאָציעס מיט וויין? קום מיט מיט אונז! (אָפּ פריילעך מיט רבי שלעזינגער און זשאַפּע אין טיר רעכטס.)

ל י אַ: דייוו עקספּלאָאַטירט שוין צופיל מיין געדולד. (אַדעל צולאַכט זיך) און איך קען זיך גאָר נישט אָפּטשעפּן פון אים. ער לאָזט נישט. איך ווער אַמאָל בייז אויף אים, באַליידיק אים, און עס העלפט נישט. ער וויל זיך נישט באַליידיקן. קומט ווידער צו מיר, שפּאַסט, וויצלט זיך, און מיר בלייבן ווייטער פריינט. דאַכט זיך, קיין צוויי ווייטערע פאַלוסן ווי איך און ער . . .

אַ ד ע ל: ער האָט אייך ליב.

ל י אַ: ווי דאָן קיכאָט סאַנטשאָ פאַנטשאַן. איר ווייסט דאָך, ווער דאָן קיכאָט איז?

אַ ד ע ל: געוויס. פון סערוואַנטעס.

ל י אַ: איז ער דאָס דאָן קיכאָט און איך סאַנטשאָ פאַנטשאַ. אַזוי זאָגט ער. אמת, ער איז טאַקע אַ דאָן קיכאָט. ער שלאָגט זיך אַרום שטענדיק מיט ווינטמילן; איך אָבער בין ניט קיין סאַנטשאַ פאַנטשאַ.

אַ ד ע ל: (מיט אַ שעלמישן שמייכל) אַביסל ענלעך צו סאַנטשאַ פאַנטשאַ זייט איר, ליאַ.

ל י אַ: געפעל איך אייך ניט דערפאַר?



אַ ד ע ל: ניין, פאַרקערט, געפעלט איר מיר דערפאַר. נאַטירלעך, דאָן קיכאָט איז מיר אַ סך סימפּאַטישער.

ל י אַ: טהענק יו.

אַ ד ע ל: וועלקאַם.

ל י אַ: (פּלוצים) וועלל, איך רעכן, אַז איך וועל גיין אַהיים. גוד־באַי!

אַ ד ע ל: לויפט נישט, האָט אַביסעלע געדולד. פאַרוואָס האָט איר זיך באַליידיקט?

ל י אַ: איך האָב זיך נישט באַליידיקט, אָבער, אַז איר רעדט די גאַנצע צייט פון אים.

אַ ד ע ל: איר רעדט דאָך פון אים. איך ענטפער אייך בלויז.

ל י אַ: וועט איר אים מער נישט דערמאָנען?

אַ ד ע ל: פונמיינטוועגן.

ל י אַ: ער איז דאָס נישט ווערט.

אַ ד ע ל: (צולאַכט זיך) דערמאָנט איר דאָך אים ווידער!

ל י אַ: ווייל איך זע, אַז איר טראַכט פון אים.

אַ ד ע ל: טאָר איך פון אים נישט טראַכטן אויך?

ל י אַ: איר טראַכט בעסער פון מיר, אַדעל.

אַ ד ע ל: איך טראַכט פון אייך אויך.

ל י אַ: אויך טויג נישט. טראַכט נאָר פון מיר אַליין.

אַ ד ע ל: וואָס וועט דאַן זיין?

ל י אַ: דאַן וועט דאָס שענסטע מיידל אויף דער גאַנצער וועלט טראַכטן פון מיר.

אַ ד ע ל: וואָס וועט אייך דערפון אַרויסקומען?

ל י אַ: איר ווייסט, וואָס איך מיין. איך ליב אייך און איך וויל, אַז איר זאָלט מיך ליבן. איז דאָס קלאָר?

אַ ד ע ל: דאָס ווייס איך דאָך שוין לאַנג. און איר ווייסט אויך מיין ענטפער. דערווייל בין איך נאָך נישט פאַרליבט אין אייך.

ל י אַ: אין וועמען דען?

אַ ד ע ל: דערווייל אין קיינעם נישט. איך האָב אייך שוין געזאָגט: האָט געדולד, אפשר . . .

ל י אַ: איך האָב גענוג געדולד, אָבער אין דעם פאַל . . . גוט, איך וועל וואַרטן און האָפן. וועט איר ערגעץ גיין מיט מיר די וואָך?

א ד ע ל: וואוהין?

ל י א: (אַרויסגענומען אַ נאָטיץ־בוך) מאָנטיק — אַ ביזנעס־אַפּאָינטמענט; דינסטיק — אַן אַפּאָינטמענט אין אַטלעטיק קלוב . . . מיט־וואָך — קעלי־מעלי פּאַיט. אפשר ווילט איר זען אַ ריכטיקן פּאַיט אין סטאַדיום?

א ד ע ל: אָה, ניין.

ל י א: (לייענט ווייטער) דאָנערשטיק — אַ ביזנעס־אַפּאָינטמענט. אָה, פרייטיק איז פריי! ווילט איר גיין פרייטיק צו אַ מוזיקעל שאָו?

א ד ע ל: גוט.

(זשאַפּע קומט פון רעכטס.)

ז ש א פ ע: ליאָ, קומט צום בופעט.

ל י א: וועט איר אויך גיין, אַדעל?

א ד ע ל: גייט אַליין, און שיקט מיר אַריין דייוון.

ל י א: וואָס דאַרפט איר אים?

א ד ע ל: איך האָב צוגעזאָגט, אַז איך וועל גיין מיט אים פריי־טיק אין ידישן טעאַטער, וויל איך זיך אָפּזאָגן.

ל י א: האָט ער אייך אפשר צוגערעדט צו לערנען יידיש אויך, דער אידיאָט?

א ד ע ל: (צולאַכט זיך) זיכער.

ל י א: איז דאָס אַ אידיאָט, איז דאָס אַ דאָן קיכאָט! איך שיק אים אַריין צו אייך. (אָפּ.)

(אַדעל זעצט זיך ביי דער פּיאַנאָ און שפּילט. דייוו קומט אַריין.)

ד י י ו ו: אַדעל, וואָס ווילט איר מיר זאָגן?

א ד ע ל: (אויפגעהויבן זיך פון דער פּיאַנאָ) איך גיי נישט מיט אייך אין ידישן טעאַטער קומענדיקן פרייטיק.

ד י י ו ו: פאַרוואָס?

א ד ע ל: ווייל איך פאַרשטיי נישט די שפּראַך.

ד י י ו ו: איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך וועל אייך פאַרטייטשן.

א ד ע ל: איך האָב צוגעזאָגט ליאָן, צו גיין מיט אים צו אַ מוזיקעל שאָו.

ד י י ו ו: וועט איר שוין מיט אים נישט גיין, וועט איר שוין גיין מיט מיר אין ידישן טעאַטער.

א ד ע ל: ניין, דייוו.

ד י י ו ו: יאָ, אַדעל, סיידן . . . לאָזט אַ טאָפּ טאָן אייער קאָפּ. (טאַפּט איר קאָפּ.)



ד י י ו ו: איך וויל זען, צי איז ביי אייך נישט דער קאָפּ פאַרהאַר־טעוועט געוואָרן פון מיין פרינצעס ראַציאָנאַלע רעאַליזאַציעס. (קאָמיש) אָה, אַדעל, איך שווער ביי דער זון, וואָס אונזערע ריעל־עסטעיט לייט קענען זי נישט צושניידן אויף „לאָטס”; איך שווער ביי די ליכטיקע פונקען פון אייערע פייערדיקע אויגן, וואָס האָבן צופלאַמט די עמאָציעס אין האַרצן ביי מיין ראַ־ציאָנאַלן פרינצט, — שווער איך, אַז פרייטיק גייט איר מיט מיר און נישט מיט אים.

א ד ע ל: איך גיי מיט אים, דייוו. (נעמט אים אָן ביי דער האַנט) איך בעט אייך, פאָדערט דאָס נישט פון מיר.

ד י י ו ו: די וואַרימע באַרירונג פון אייער סאַמעטענער האַנט האָט אויפגעוועקט ביי מיר דעם באַוואוסטזיין, אַז איר גייט מיט מיר. און, בכלל, וויל איך נישט, אַז איר זאָלט גיין מיט אים — נישט פרייטיק און נישט שבת, און נישט זונטיק — קיין טאָג נישט!

א ד ע ל: (מיט אַ שמייכל) און אין די וואָכנטאָג?

ד י י ו ו: אוודאי נישט. און איצט רייד איך ערנסט, אַדעל, גאַנץ ערנסט, (קוקט זיך אום) אַדעל . . .

א ד ע ל: וואָס, דייוו? (דייוו טוט זי פלוצים אַ קוש) דייוו, זייט נישט פרעך!

ד י י ו ו: שיקט אים צום טייפל, אַדעל!

א ד ע ל: (צורויטלט) איך בין בייז אויף אייך, דייוו. איר זייט פרעך. מיט אייער קוש . . .

ד י י ו ו: שלעכט געקושט? וועל איך פרואוון בעסער (קושט זי ווידער.)

א ד ע ל: (טוט זיך אַ ריס פון אים) איר זענט אַ משוגענער . . . דאָן קיכאָט! (צולאַכט זיך.)

ד י י ו ו: גייט איר מיט וועמען?

א ד ע ל: מיט אייך, מיט אייך!

(זשאַפּע, רבי שלעזינגער און ליאָ קומען פון רעכטס. פון די טרעפּ קומען אַרונטער מאַדאַם שלעזינגער, מאַדאַם זשאַפּע און מאַרטימער.)

ד י י ו ו: מאַדאַם שלעזינגער, און אויף מיין וואָלס מיט אייך באַ־שטיי איך נאָך אַלץ.

מ א ר ט י מ ע ר: איך וועל פאַר אייך שפּילן אַ וואַלס.

דייוו: דהאַט'ס דהי באַי. (מאַרטימער זעצט זיך ביי דער פּיאַנאָ, דייוו גייט־צו צו מאַדאַם שלעזינגער און פאַרנויגט זיך.)

מאַד. שלעז.: (קאַקעטיש) וועלל, וועלל . . .

רבי שלעז.: אויב מיין ווייב טאַנצט מיט אַ יונגן, וועל איך טאַנצן מיט נאָך אַ ייִנגערער, אַדעל! . . .

אַדעל: (צוגעלאָפן צו אים) יעס, גרענד־פּאַ! (נעמט זיין אָרעם.)

ליאַ: (צוגעגאַנגען צו מאַדאַם זשאַפּע) קען איך האָבן די ערע און דאָס פאַרגעניגן?

מאַד. זשאַפּע: (ליבעסווירדיק) דאָס איז מיין פאַרגעניגן, ליאַ. (מאַרטימער שפּילט און זיי אַלע, אויסער זשאַפּען, טאַנצן. ער זיצט און רויכערט אַ סיגאַר.)

(שלמה און רבקה און איזי קומען אַריין דורך דער צענטער־טיר, גייען פאַרביי די טענצער, שלמה טוט אַ קוק אויף דער דעקאָלטירטער מאַדאַם שלעזינגער און גלאָצט אויס די אויגן. זשאַפּע גייט זיי אַנטקעגן מיט אַ פריינטלעכן שמייכל. ער גייט מיט זיי אַריין אין צווייטן צימער, וואו שלמה און רבקה האַלטן זיך אויף. די פאָרלעך טאַנצן ווייטער.)

זשאַפּע: וואו זייט איר אַזוי לאַנג געווען?

שלמה: ביי אונזער לאַנדסמאַן. זאָג מיר נאָר, הערשל, אַט די אַלטע נאַקעטע נקבה, וואָס זי טאַנצט דאָרט, איז דאָס די רביצין, וועלכע קומט צו דיר, אָדער איך האָב אַ טעות?

זשאַפּע: געוויס. דאָס איז מיין שוויגער, מאַדאַם שלעזינגער.

שלמה: אַזוי? נו, נו, איז די קשיה פאַרענטפערט! (גייט־צו צו דער שאַפּע, נעמט אַרויס פון דאָרט ספרים און לייגט זיי אויפן טיש.)

רבקה: און אַט די באַבע האָבן זיי ליב, הערשל.

שלמה (גיט זיך אַ קער צו איר) רבקה, איך האָב דיר עפּעס אָנגעזאָגט.

רבקה: וואָס, שלמה? (אין צווייטן צימער האָט מען אויפגעהערט טאַנצן.)

שלמה: (צוגעגאַנגען צו איר און זאָגט איר אויפן אויער) דערמאָן נישט וועגן דיין ליבע. וואַרף זי אַרויס פאַר הינט. הינט זענען דאָך לע־בעדיקע ברואים און זיי, אַט די קינדער אונזערע, זענען פגרים פאַר אונז . . .

זשאַפּע: דער רב, רבי שלעזינגער, וויל זיך מיט דיר באַקענען. ער איז דאָ. דו האָסט זיך אַלץ נאָכגעפרעגט אויף אים.



שלמה: איך קען אים. מען האָט מיר שוין דערציילט, וואָס פאַר אַ רב ער איז. טאַקע נישט לאַנג גערעדט וועגן אים מיט מיין לאַנדסמאַן דעם רב. אַזאַ רב, ווי די אַלטע, נאַקעטע נקבה איז אַ רביצין. ניין, הערשל, בעסער, אַז מיר זאָלן זיך נישט באַקענען.

זשאַפּע: אָבער ער יויל, פאַרוואָס זאָלסטו אים באַליידיקן?

שלמה: און, פאַרקערט, פאַרוואָס טאַקע נישט זען מיט די אייגענע אויגן דעם ארי שבחבורה — דעם לייב פון דער יידישער קהילה, וואָס ער דאַרף לערנען יידישקייט? און אפשר זאָל איך פּרוּוון אַ רעד טאָן אויך מיט אים? הערשל, אָלל־ראַיט. איך וועל אים זען טאַקע.

זשאַפּע: גלייך. (אָפּ אין צווייטן צימער, וואו די איבעריקע שטייען אין גרופּן אוןריידן.)

מאַד. זשאַפּע: (צו רבי שלעזינגער) דו האָסט זיי געזען, פּאַפּאַ? אַזוי ווי פינצטערע שאָטנס דורכגעגאַנגען, ווי כמאַרעס. אַזוי די גאַנצע צייט! . . .

מאַד. שלעז.: אַ דאַנק זיי איז הערמאַן גראָב געוואָרן.

רבי שלעז.: איר פאַרשטייט נישט הערמאַנען, ער איז אַ בראַ־ווער יונג. (ליאַ און אַדעל און דייוו און מאַרטימער גייען אַריין אין טיר צום בופעט.)

זשאַפּע: (צוגעגאַנגען צו רבי שלעזינגער) מיין פּאַפּאַ וויל זיך מיט אייך באַקענען.

רבי שלעז.: אָה, געוויס, מיט פאַרגעניגן.

מאַד. זשאַפּע: ווי אָבער וועסטו ריידן מיט אים, פּאַפּאַ?

רבי שלעז.: דייטש פאַרשטייט יעדער ייד. (אין צווייטן צימער פּאַקט דערווייל שלמה, איזי העלפט אים.)

שלמה: אַט דעם פּעקל ספרים, רבי יצחק, זייט מוחל, פּאַקט איין אין צווייטן טשאַמאָדאַן.

איזי: אָלל־ראַיט.

שלמה: (קוקט ווי ער פּאַקט) עס איז נישט אַזוי אָלל־ראַיט, רבי יצחק.

איזי: האַ?

שלמה: אָלל־ראַיט, פּאַקט שוין, פּאַקט! אָבער מיט אַ ביסעלע מער דרך־ארץ. וואַרפט נישט אַזוי. הייליקע ספרים. (רבקה גייט־צו צום טשאַמאָדאַן. זשאַפּע קומט אַריין מיט רבי שלעזינגער. אין צווייטן צימער האָט מאַדאַם שלעזינגער און מאַדאַם זשאַפּע זיך געזעצט און שמועסן צווישן זיך שטיל.)

ר ב י ש ל ע ז.: ברוך אתה בבאך! (דערלאַנגט שלמהן די האַנט מיט אַ פריילעכן שמייכל.)

ש ל מ ה: (נעמט זיין האַנט און קוקט אויף אים. מיט אַמאָל צושמייכלט ער זיך) אָלל־ראַיט!

ר ב י ש ל ע ז.: וואָס מיינען זי, הער יאַפע?

ש ל מ ה: איך מיין... אָלל־ראַיט! באמת טאַקע אַ רב?

ר ב י ש ל ע ז.: (גוטמוטיק) אַה, איך פאַרשטיי זי. מיין אויסזען איז ניכט אידיש־אָרטאָדאָקסיש גענוג, דאָס מאַינען זיי? ווייסן זיי אַבער, דאָס דער תלמוד זאָגט: אל תסתכל בקנקן, אלה במה שיש בו...

ש ל מ ה: יאָ, יאָ, די גמרא זאָגט עס טאַקע. איך זאָל נישט קוקן, הייסט עס, אויף דעם קרוג, נאָר אויף וואָס עס איז אין אים. וואָלט איך טאַקע אויך געוועזן אַ בעלן צו וויסן, וואָס איז אין אַזאַ קרוג. המין הסלע הזה נוצא מים — וואָלט איך וועלן וויסן, צי אָט פון דעם שטיין קען מען אַרויסקריגן וואַסער פאַר דער ידישקייט, וואָס זי טריקנט אויס דאָ ביי אייך אין אַמעריקע?

ר ב י ש ל ע ז.: און פיליכט קריגט מען תערויס אויך וויין אויס דיזען שטאַין, הער זשאפע.

ש ל מ ה: וויין? אפשר. אַבער נישט פאַר קידוש און הבדלה, נאָר פאַר טרינקען אָן אַ ברכה...

ר ב י ש ל ע ז.: זי פאַרשעמען מיך, הער זשאַפע. זי וויסען דאָך, וואָס דער תלמוד זאָגט: „המלבין פני חברו ברבים אין לו חלק עולם הבא", דער וואָס פאַרשעמט איינעם צווייטען, ווירט קיין עולם הבא האָבן...

ש ל מ ה: אויב איך האָב אייך פאַרשעמט, בעט איך טויזנט מאָל מחילה ביי אייך, אַבער איך האָב געהערט... נו, וואָס איז דער חילוק!

ר ב י ש ל ע ז.: וואָס האָבען זי געהערט? נאַין, נאַין, שפּרעכען זיי נאָר הערויס!

ש ל מ ה: איך האָב געהערט, אַז ביי אייך אין טעמפל דרשתנען אַמאָל גלחים אויך, איז דאָס אמת? האָט נישט קיין פאַראיבל, פאַרוואָס איך פרעג דאָס. איר פאַרשטייט, מיר איז דאָס שטאַרק נוגע. איר זייט אַ זיידע פון מיינע אייניקלעך, און איך זע, אַז אייך דווקא האַלטן זיי פאַר אַ זיידע, האָט איר דאָך, מסתמא, אויף זיי אַ השפּעה...

ר ב י ש ל ע ז.: יאָ, הער זשאַפע, דאָס איזט וואָר. אין מיינעם טעמפל פּרידיגט אַמאָל איין קריסטלאכער גייסטלאכער. און איך פּרידיג אויך אַמאָל אין זיינען קירכע. צום ביישפּיל, נעקסטען זאָנטאָג פּרידיגט



דער בראָווער קריסטלאכער גייסטלאכער אין מיינעם טעמפּעל און איך אין זיינער קירכע.

ש ל מ ה: (קוקט אים אָן) הייסט עס, איר זייט, חצי רב וחצי גלח, האַלב רב און האַלב גלח? איז דאָך אָלל־ראַיט? זייט איר, הייסט עס, יוצא סיי פאַר דעם ידישן גאָט און סיי פאַר זייער גאָט...

ר ב י ש ל ע ז.: איך, הער זשאַפּע, זאָ ווי מיינע קריסטלאכע קאָ־לעגען, טוען אונזער פליכט. הער זשאַפּע, וויר פּרידיגען ליבע פון פאָלק צום פאָלק. דאַמיט, גלויבע איך, ערפילען וויר אויך אונזער פליכט צום אידישען פאָלק.

ש ל מ ה: יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי. איך ווייס, וואָס איר דרשנט דאָרט. איך האָב געהערט וועגן אייערע דרשות. נישטאָ קיין חילוק: ייד, נישט ייד. דער עיקר ליב האָבן!... דערווײַלע גייט אונטער דער ייד פון אָט די דרשות וועגן ליבע. איר, משמעות, ווילט, אַז דער ייד זאָל שטאַרבן ווי אַ צדיק. (דייוו איז אַריינגעקומען און הערט זיך צו.)

ר ב י ש ל ע ז.: ווי מאַינען זי?

ש ל מ ה: איך מיין... איר ווייסט דאָך, מסתמא, אַז אײדער אַ צדיק דאַרף נפטר ווערן, קומט פון הימל אַראָפּ אַ מלאך און טוט אים אַ קוש און פליט דערנאָך אַוועק מיט זיין נשמה אין הימל אַריין. אָט אַזוי־אַ ווערט דער צדיק נסתלק בנשיקה, מיט אַ קוש, הייסט עס. איר טוט נאָך, אַפּנים, יענעם גוטן מלאך: מיט ליבע נעמט איר אַוועק די נשמה. אפשר זייט איר אויך גאָר אַ גוטער מלאך?

ר ב י ש ל ע ז.: (לאַכט) נאַין, קיין גוטער מלאך דאָס בין איך ניכט, אַבער איין גוטער יודע דאָס גלויבע איך שאָן.

ז ש אַ פּ ע: פּאַפּאַ, ווען דו וואָלסט געקאָנט רבי שלעזינגער, וואָלסטו אויך געוואוסט, אַז ער איז אַ גוטער ייד.

ש ל מ ה: (מיט אַ ביטערן שמייכל) מילא — אַז איין גוטער ייד זאָגט וועגן צווייטן, אַז ער איז אַ גוטער ייד, איז דאָך מסתמא אַזוי. איר דאַרפט נישט פאַראיבל האָבן, פאַררוואָס איך רייד אַזוי. אפשר איז דאָס באמת אַ העזה. מחמת, מישטיינס געזאָגט, ווער בין איך? כ׳ווייס, עפּעס אַ גרינער ייד, וואָס קען נישט רײדן קיין ענגליש אָלל־ראַיט; וואָס מען דאַרף אים, ווי אַ קליין עופהלע, לערנען, ווי צו זיצן ביי אַ טיש, און וואָס זיין שנור מיט זיינע אייניקלעך שעמען זיך מיט אים! באמת אַ חוצפה צו רײדן אַזוי מיטן ריכטיקן זיידן, מיט אַ זיידן, וואָס דערציט די אייניקלעך לקדושה און מעשים טובים!

ז ש א פּ ע: (אויפגערעגט) פּאַפּאַ!

ש ל מ ה: אַבער הערט אויס, איר זיידע פון מיינע אייניקלעך, איר

זיידע פון מיין דור לעבעדיקע פגרים! איך וועל איצט ריידן, איך מוז! די יסורים, וואָס זיי ברענען אין מיין האַרצן, שרייען, אַז איך זאָל ריידן! איך בין „ווער״! געווען „ווער״! יאָפּע בין איך, שלמה יאָפּע! פרעגט ביי מיינע לאַנדסלייט, וועלן זיי אייך זאָגן, ווער שלמה יאָפּע איז געווען. געווען אַן עושר, אָבער עס איז גאָרנישט. דאָס געלט־פאַרמעגן האָבן געקענט צונעמען ביי מיר די פּאָגראָמשטשיקעס, אָבער נישט דעם פאַרמעגן פון מיין ידישער נשמה. נישט דאָס, וואָס איך האָב געירשנט פון מיין פאָטער, דעם אמתן רב, פון מיין זיידן, דעם אמתן רב. און נישט די האָפענונג און נישט דעם גלויבן, אַז ערגעץ איז דאָ ביי מיר אַ ייִדישער דור, אַרויסגעוואַקסן, פון מיין משפחה. ניין, דאָס האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס נישט געקענט אַוועקנעמען ביי מיר! איך האָב זיי געקענט זאָגן: „תן לי הנפש והרכוש קח לך״, נעם צו מיין גאַנץ געלט־פאַרמעגן, לאָז מיר נאָר איבער דעם ייִדישן נפש. איך אָבער קען איך דאָס נישט זאָגן, ווייל איר האָט ביי מיר דעם ייִדישן נפש צוגענומען! . . .

ז ש א פ ע: פּאַפּאַ! גאָט מיינער, וואָס איז דאָס?

ר ב י ש ל ע ז.: הערמאַן, ליוו הים עלאָן. אַי אַנדערסטענד הים וועל. (צו שלמה) הער זשאַפּע, דענקען זיי ניכט, דאָס איך בין שולדיג.

ש ל מ ה: אייער השפעה איז דאָס, איר האָט זיי דערצויגן אַזוי. איר דרשנט, אַז מען דאַרף ליב האָבן אַלעמען. וואו איז די ליבע? פאַרוואָס ווייסן נישט אייערע אייניקלעך, אַז מען דאַרף ליב האָבן אַ ייִדן? אַ ייִדישן זיידן, אַ ייִדישע באָבע? ליב האָבן, כאָטש אַזוי פיל, ווי די קעץ און די הינט אין דעם דאָזיקן הויז! איז די מעשה, אַז פגרים קענען נישט ליב האָבן, און איר האָט זיי געמאַכט פאַר פגרים, איר, זייער זיידע, וואָס ער איז נישט קיין רב און נישט קיין גלח! . . . (טוט זיך אַ קער) נו, נאָך נישט איינגעפּאַקט? פאַרוואָס געדויערט עס אַזוי לאַנג? . . .

ר ב י ש ל ע ז.: (שטייט נאָך אַ ווײַלע. דאַן טוט ער אַ צי מיט די אַקסלען און גייט אַריין אין צווייטן צימער. צו מאַדאַם זשאַפּע) אַ רחמנות. נישט געדאַרפט קומען אַהער! (אָפּ מיט איר און זיין פרוי אין דער טיר צום בופעט.)

ז ש אַ פ ע: פּאַפּאַ, דו ביזט געווען זייער גראָב מיט אים . . .

ש ל מ ה: אך, מיין זון, ווען ביי דיר וואָלט זיך נאָך געצאַפּלט אַ ייִדיש גליד, וואָלסטו מיר דאָס נישט געזאָגט. הערשל, דעם גרעסטן פּאָגראָם האָב איך דאָ ביי דיר אין הויז איבערגעלעבט . . .

ז ש א פ ע: דו באַרואיק דיך איצט; איך וועל שפּעטער מיט דיר ריידן. קומט דייוו! (אָפּ מיט פאַרשטיקטער אויפרעגונג אין צווייטן צימער. און פון דאָרט אין דער טיר צום בופעט. דייוו גייט אָפּ מיט אים.)



ש ל מ ה: מילא, מיר וועלן באַלד פּטור ווערן פון די פגרים . . .

ר ב ק ה: (קוקט אויף אים מיט רחמנות) און אָט דער זיידע און אָט די באָבע געפעלן דאָך אונזערע אייניקלעך, שלמה . . .

ש ל מ ה: רבקה, הער אויף. מוטשע נישט מיך און מוטשע נישט זיך!

ר ב ק ה: זיי זענען אונזערע צווייגעלעך, שלמה, אונזער בלוט און פלייש . . .

ש ל מ ה: אָפּגעפאַלענע צווייגן . . . פאַרדאַרטע . . . פגרים . . . אַ דור פון ייִדישע פגרים איז אַרויסגעוואַקסן פון דער פרומער למדנישער משפחה יאָפּע! . . .

ר ב ק ה: יענעם זיידן פאַלן זיי אויפן האַלז, יענע באָבע קושן זיי, און פון אונז אַנטלויפן זיי, ווי פון נישט־גוטע! . . .

ש ל מ ה: איך וועל פון דיר אויך אַנטלויפן, אויב דו וועסט נישט אויפהערן. פּאַק דאָרט בעסער די זאַכן. אַנטלויפן וואָס גיכער פון דאַנען!

ר ב ק ה: וואוהין לויפן מיר, שלמה? קיין אַנדערע קינדער האָבן מיר דאָך נישט אין אַמעריקע!

ש ל מ ה: איך בין אַ כהן, רבקה.

ר ב ק ה: דערפאַר ביזטו דאָך אַזאַ כעסן . . .

ש ל מ ה: דערפאַר טאָר איך נישט זיין, וואו מתים זענען . . .

ר ב ק ה: נישט דאָ געדאַכט, וואָס רעדסטו?

ש ל מ ה: אַי, רבקה, ייִדענע, רייד נישט, קום! ביי דיר, ווען זיי וואָלטן דיך אַ קוש געטאָן, וואָלט דאָך אַלצדינג שוין רעכט געווען. אַיי, ווען איך וואָלט געקענט מיט זיי ריידן, וואָלט איך איצט, איידער איך קלייב זיך אַרויס פון דאַנען, זיי דערציילט אַ מעשה. זיי ווייסן דאָך נישט, ווער זייער זיידע איז, ווער זייער עלטער זיידע איז געווען. אפשר, אַז זיי וואָלטן עס געוואוסט . . . (דייוו קומט ווידער אַריין.)

ד י י ו ו: שטער איך אייך נישט, רבי שלמה?

ש ל מ ה: (קוקט אים אָן) דו, דוד? קום אַריין. מיר שטערסטו נישט. אַ חידוש נאָר, וואָס דו שטערסט זיי נישט . . .

ד י י ו ו: איך באַמי זיך זיי צו שטערן. זייט רואיק, אַדעל וועט ביי מיר ווערן אַ ייִדישע טאָכטער.

ש ל מ ה: האָדל? זי פאַרשטייט דאָך נישט קיין וואָרט ייִדיש.

ד י י ו ו: איך וועל זי אויסלערנען. איך בין אַ גוטער רבי. איך פאַרזיכער אייך, אַז אין אַ יאָר אַרום וועט זי ריידן מיט איר זיידן.

ר ב ק ה: (טוט זיך אַ כאַפּ) אַי, גוואַלד, יונגער מאַן, איר לאַכט נישט?

ד י י ו ו: ניין, באבע, איך לאך נישט.

ר ב ק ה: אויב איר מיינט עס באמת, לערנט אויס די אנדערע אייניקלעך אויך — מרדכילען און טאטקעלען — איך וויל מיט זיי ריידן. אייך וויל זיי נאר דערציילן, ווי איך בענק נאך זיי, ווי טייער זיי זענען מיר. אז איך בין נישט ווייניקער באבע, ווי יענע, די חצופה, און ער איז נישט ווייניקער זיידע, ווי יענער, מיט דער געשמאליעטער מארדע, ווײ איז מיר!

ד י י ו ו: וועגן די אנדערע קאן איך אייך נישט צוזאגן.

ש ל מ ה: (כאפט אונטער מיט גאל) די אנדערע וועלן נאכטאן יענעם זיידן זייערן . . .

ד י י ו ו: אומזיסט זייט איר בייז אויף אים. ער איז זייער א שיינער מענטש . . .

של מ ה: נו, יא, א רב, איז ער דאך, מסתמא, א שיינער מענטש!

ד י י ו ו: פארוואס רעדט איר מיט אזוי פיל הארץ, רבי שלמה?

ש ל מ ה: מיט הארץ רייד איך? דוד, הער . . . נישטא פאר וועמען ארויסצושרייען דעם ווייטיק, שריי צו דער וואנט! איבערגעלעבט אין דער היים א מוראדיקן פאגראם. געבליבן איין טרייסט: דער בן יחיד, דער קדיש, זיין ווייב, זיינע קינדערלעך, אונזערע צווייגעלעך, ווי מיין נארישע אלטע זאגט. מיר האבן דאך אזוי געבענקט נאך זיי! טרייסטן מיר זיך: די עטלעכע יאר וואס גאט האט אונז נאך געשענקט, וועלן מיר פארברענגען מיט אונזער קדיש און מיט זיין ווייב און קינדער. פאר די אלע ענוים און יסורים פון דעם פאגראם וועלן מיר, הייסט עס, האבן דעם נחת, וואס מיר וועלן, סוף כל סוף, זיין מיט אונזער זון און אונזערע אייניקלעך. איינגעפאקט דאס פעקל אלטעביינער און, א דאנק גאט, דערשלעפט זיך קוים לעבעדיקע אהער. געקומען אהער — א זון אן עושר, א הויז א פאלאץ, א שיינע שנור, שיינע אייניקלעך, א ווייכער געלעגער, עסן און טרינקען פון דאס בעסטע און טייערסטע; אבער דער נחת, אויף וועלכן מיר האבן זייך געריכט, איז נישטא. שטום, קאלט, ווילד־פרעמד. קיין זכר פון זיידע, באבע, שנור, אייניקלעך! אמת, די שנור איז לכתחילה גוט צו אונז, נאר הלוואי וואלט זי בעסער שלעכט געווען! יעדעס מאל, ווען זי איז גוט צו מיר, וואלט זי מיך גלייכער אויסגעפאטשט! נאר מילא, היט זי, אז איך, דאס קליין עופהלע, זאל זיך, חלילה, נישט פארפאטשקען ביים עסן; לערנט זי מיך, ווי צו האלטן דאס לעפל אין האנט, ווי צו זיצן ביים טיש, — אויך רעכט, זאל זיין, אז איך בין מיטאמאל אויס אלטער ייד געווארן, לערנט זי דאס עופהלע „שטאט"; אבער די קינדער, די אייניקלעך מיינע, — זייער זיידע בין איך דאך, הא? זייער באבע איז זי דאך, ניין? — היינט, פארוואס קוקן זיי אויף אונז, ווי מיר וואלטן עפעס



רוחות געווען? . . . דאס האט ווי געטאן, דאמארק ווי געטאן; אבער נאך ערגער איז, וואס זיי זענען נישט קיין יידן! וואס זיי זענען אינגאנצן אפגעשניטן פון מיר און פון מיין טאטן און פון מיין זיידן, און פון דעם גאנצן יידישן פאלק! ווארים וואס איז דער חילוק צווישן זיי און ריכטיקע משומדים? נו, טראגן זיי נישט קיין צלם, אבער קיין יידישקייט טראגן זיי דאך אויך נישט. קיין יידיש גליד איז דאך אין זיי נישטא. אט דאס, מיין פריינט, איז מיין גרעסטער בראך! געקומען צו מיין יידישן זון, צו מיין קדיש, און געטראפן ביי אים, אינם רייכן הויז, א בית עולם פון יידישע פגרים, פון מיינע פגרים . . .

א י ז י: שוין איינגעפאקט!

ד י י ו ו: פארוואס פאקט איר זיך?

ר ב ק ה: מיר קלייבן זיך דאך ארויס אויף אן אנדער דירה.

(טהעדי קומט פלוצים אריין. רבקה טוט זיך א כאפ.)

ר ב ק ה: קום אהער, טאטקעלע, זעגן זיך מיט דיין באבן און זיידן! (טהעדי אנטלויפט אין טיר צום בופעט) אט אזוי, ווי איר זעט, אנטלויפן זיי אלע פון אונז! אנטלאפן, מסתמא, צו יענער באבען און צו יענעם זיידן, ווײ איז מיר!

ש ל מ ה: (טוט זיך א ריס) קום אהער, טאטקעלע, א קאץ איז דא! א הונט איז דא! (צו רבקהן) איך האב דאך דיר געזאגט, דו זאלסט זיי לאזן צורו . . .

ד י י ו ו: איך וועל גיין ברענגען אים צו אייך! (אפ אין דער טיר צום בופעט.)

ש ל מ ה: (צו רבקה) נישט זעגענען זיך מיט קיינעם, דו הערסט! מיר געהערן זיך מער נישט אן מיט זיי, און זיי מיט אונז אוודאי נישט!

ר ב ק ה: אה, ווײ איז מיר! (זשאפע קומט אריין האסטיק.)

ז ש א פ ע: וואס הער איך, דו מואווסט ארויס, פאפא?

ש ל מ ה: יא, גלייך טאקע. שוין איינגעפאקט זיך. האב קיין פאראיבל נישט, וואס איך און דיין מאמע האבן דיר ביז אהער דאקוטשעט . . .

ז ש א פ ע: וואס הייסט? וואוהין?

ש ל מ ה: וואס איז דער חילוק, וואוהין? אין א יידיש הויז, צו יידן. צו מיין לאנדסמאן אברהם־איציקן. מיר וועלן זיין צווישן אייגענע יידן . . .

ז ש א פ ע: אבער אזוי פלוצים? אזוי אומגעריכט? און פארוואס עפעס גלייך?

ש ל מ ה: איך האב זיך שוין לאנג געדארפט ארויסקלייבן פון דאנען, הערשל. א כהן בין איך, און א כהן טאר נישט זיין, וואו מתים זענען . . .

ז ש א פ ע: רו רעדסט שוין ווידער וועגן דעם? מיר זענען לעבע־דיקע, און נאָך וואָס פאַר אַ לעבעדיקע! . . .

ש ל מ ה: רבי יצחק, זייט איר שוין פאַרטיק?

א י ז י: שור.

ז ש א פ ע: איזי! (טוט אַ וואונק צו אים. איזי גייט־צו צו אים; שטיל) זאָגט זיי דאָרט, אַז זיי זאָלן גוט אַכטונג געבן אויף מיינע אַלטע; איך וועל צאָלן.

א י ז י: אָלל־ראַיט, מיסטער זשאפּע. (אָפּ צוריק צו די פּעקלעך.)

ז ש א פ ע: פאַרשטייסט, פּאַפּאַ, איך וועל דיר זאָגן דעם אמת. נאָ־טירלעך, עס פאַרדריסט מיך, עס טוט מיר ווײ. איך וואָלט אוודאי וועלן, אַז דו מיט דער מאַמען זאָלן זיין מיט אונז; אָבער, אַז איר אַליין פילט זיך ביי מיר אומבאַקוועם, האָב איך קיין רעכט נישט . . . בלייבט איבער די נאַכט דאָ, וועט איר מאָרגן אַרויסציען . . .

ש ל מ ה: רבי יצחק, זייט מוחל, נעמט צונויף די פּעקלעך . . .

ז ש א פ ע: מיין שאָופער וועט אייך אָפּפירן אין מיין מאַשין.

ש ל מ ה: אַ דאַנק, אַ דאַנק, מיין זון, מען דאַרף נישט. איך וויל נישט. (לייגט צונויף די פּעקלעך.)

(רבי שלעזינגער, מאַדאַם שלעזינגער, דייוו, ליאַ, אַדעל,
מאַרטימער, מאַדאַם זשאַפּע און טהעדי קומען אַריין פון
דער בופעט־טיר אין דעם צווייטן צימער.)

מ אַ ד. ז ש א פ ע: (צו איר מוטער) ווען דאָס איז אמת, וואָס דייוו דערציילט, וועט ביי מיר זיין אַ גרויסער יום־טוב.

מ אַ ד. ש ל ע ז.: גערטרוד, ביי מיר אויך. אַניט קען איך שוין נישט קומען מער צו דיר אין הויז, ווייל דיין מאַן . . . איך דערקען אים גאָר ניט!

ד י י ו ו: אַדעל, קום צו זיי אַריין.

אַ ד ע ל: נו, איך קען נישט, דייוו. פאַרשטייסט דאָך, איך קען נישט. זיי זענען מיר אַזוי פרעמד, איך קען מיר נישט העלפן! . . .

ל י אַ: ווער וויל איצט טאַנצן?

מ אַ ד. ז ש א פ ע: יאָ, פאַרוואָס טאַנצט מען נישט! דייוו, פאַר־וואָס זייט איר אַזוי שטיל געוואָרן?

ר ב י ש ל ע ז.: (טוט אַ כאַפּ טעדין) טעדי, קום טאַנצן! (כאַפּט אים אַרויף צו זיך אויף די אַקסלען) גערטרוד, שפּיל עפּעס פאַר אונז! (מאַד. זשאפּע זעצט זיך צו דער פּיאַנאָ און שפּילט) אַדעל, אַהער! (אַדעל לויפט־צו



צו רבי שלעזינגער, ער טאַנצט מיט איר און מיט טהעדין אויף די אַקסלען. מאַרטימער טאַנצט מיט מאַדאַם שלעזינגער. ליאַ זעצט זיך און פייפט אונ־טער. דייוו גייט אַריין צו שלמהן אין צימער.)

ש ל מ ה: (גענומען די פּעקלעך) רבקה, נעם דאָס קליין פּעקעלע און איר, רבי יצחק, דעם טשעמאָדאַן. נו, מיין זון, אַ דאַנק פאַר אַלץ.

ז ש א פ ע: דו טוסט מיר ווײ, פּאַפּאַ, וואָס דו ווילסט נישט, אַז מיין מאַשין זאָל אייך אָפּפירן . . .

ש ל מ ה: (מאַכט זיך ווי ער הערט נישט, ווענדט זיך צו דייוון) מיט אייך וועל איך זיך זעגענען. זייט געזונט און בלייבט אַ ייד! (זיי אַלע אַריין אין צימער, וואו מען טאַנצט. דאָס שפּילן און דאָס טאַנצן ווערט שטילער. שלמה און רבקה, באַגלייט פון איזין, גייען דורך, ווי שאָטנס.)

ר ב ק ה: (מורמלט) און מיט ד ע ם זיידן און מיט ד ע ר באָבן טאַנצן זיי. נישט באַשערט מיר קיין נחת! (זשאַפּע און דייוו באַגלייטן זיי צו דער צענטער־טיר.)

ז ש אַ פ ע: אפשר ווילט איר זיך געזעגענען מיט זיי?

ש ל מ ה: (קוקט אים אָן מיט גאַליקן שפּאָט) גיב זיי אָפּ אַ גרוס פון אונז. זאָג זיי, ווען זיי וואָלטן געווען יידן, וואָלטן זיי איצט געמאַכט די ברכה „ברוך שפּטרנו"; איך בין אָבער אַ ייד און איך מאַך אַן אַנדער ברכה: „ברוך דיין אמת" ! . . . (אָפּ מיט רבקהן און איזין. זשאַפּע בלייבט שטיין מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.)

ר ב י ש ל ע ז.: (לאָזט אַרונטער טהעדין פון די אַקסלען און גייט־צו צו זשאַפּען) הערמאַן, פאַרוואָס שטייסטו אַזוי? דו ביזט נישט שולדיק און נישט דיין ווייב און נישט דיינע קינדער; אפילו איך אויך נישט . . .

ז ש א פ ע: עס טוט מיר אַזוי ווײ פאַר זיי . . . וואָס פאַר אַ שרעק־לעכע טראַגעדיע . . .

ר ב י ש ל ע ז.: יאָ, אמת, אַ שרעקלעכע טראַגעדיע; אַ טראַ־געדיע פון גאַנצע יידישע דורות, נישט נאָר פון דיין פאָטער אַליין. כאָטש מיר אַליין זענען זיי פרעמד, קען איך זיי פאַרשטיין און מענטשלעך ליידן פאַר זיי . . .

ל י אַ: (גייט־צו צו דייוון) מאַדאַם זשאפּע איז גערעכט. ווי פּאַסן אַזוינע אין אָט דעם הויז?

ד י י ו ו: (טוט אַ קוק אויף אים און רעדט אַרויס מיט שפּאָט) ריוואָר־סייד דרייוו! (צו רבי שלעזינגער) איצט בין איך נאָך מער איבערצייגט, ווי נויטיק איז מיין אַרבעט פאַר די שולן און פאַר דער יידישער שפּראַך! . . .

פ אַ ר ה אַ נ ג

